י. אבי־שב״י מאור

# לידער הינטער גראַטעס

לידער
און
דערציילונגען.



יאָהאַנעסבורג—דרום־אפריקע
1970—תש״ל.

שער־בלאַט געצייכנט פון מיניאַטוריסט
ד ו ד  ט ו ש י נ ס ק י  (פּאַריז).

צייכענונגען — ע ט ל  ה אַ ט ש ח ע ל  (שטערן).

SONGS BEHIND BARS
(LIDER HINTER GRATES)

By Y. AVI-SHABI MAOR
(PULEREWITZ)

Printed by Pacific Press (Pty.) Ltd., 302 Fox Street, Jeppes, Johannesburg, South Africa.
1970.

דאָס בוך איז ארויסגעגעבן געװאָרן מיט דער גוטהאַרציקער הילף פון י ש ר א ל כ ץ (אָפּשטאַמיק פון װאַניוטע) און זיין פרוי ר אָ ז אַ (געב׳ מאנקאָװיץ, אָפּשטאַמיק פון יאַנישאָק) —

און איז געהייליקט װי אַן אייביקער ז כ ו ר פאַר די קדושים פון יאַנישאָק און װאַניוטע — אומגעקומען דורך די נאַצי־רוצחים בעת דער צװייטער װעלט־מלחמה (1939—45) — יהא זכרם ברוך!

## אַ דאַנק —

מיין חבר ד ו ד װ אָ ל פּ ע פאַר אינספּיראַציע און שאַפערישער הילף אין צוגרייטן דאָס בוך.

מיינע פריינד י ש ר א ל און ר אָ ז אַ כ ץ װאָס האָבן מיט זייער הילף דערמעגלעכט דאָס דערשיינען פון בוך.

דעם זעצער א י י ב י ק ר א ס נ אָ װ ס ק י פאַר זיין גוטער אַרבעט און מי.

# דאָס געזאַנג פון טראַגיזם

י. אבי־שב״י מאור איז גאַנצע 17 יאָר (1940—1957) געווען אַ געפאַנגע־נער אין די סאָוועטישע שקלאַפן־לאַגערן פון דער צפונדיקער טייגע. פון דאָרטן האָט ער ארויסגעראַטעוועט ניט נאָר זיין צעווייטיקט־פיזיש לעבן, נאָר אויך זיין געזאַנג וועגן יענעם מאַקאַברישן טראַגיזם, וואָס איז מכמה טעמים אין אונדזער חורבן־ליטעראַטור וויניקער פּאָפּולער. דאָס איז אַן אַנדער געזאַנג, אַן אַנדער חורבן־וועלט אין דעם זעלבן אומקום־פּעריאָד פון מיזרח־אייראָפּע.

דער ציטער פון דעם געזאַנג האָט דורכגעפיבערט פּאָר אזוי פיל יאָרן דורך דער נשמה פון דעם סענסיטיוון און תמימותדיק־גלייביקן ייד־אַרעסטאַנט י. אבי־שב״י מאור. און מער ווי אַ פערטל יאָרהונדערט האָט ער דאָס געזאַנג אין זיך געטראָגן, ווי אַ פאַרשטומטער שפּילפויגל פאַרשפּאַרט אין אַ שטייג, און עס מיטגעבראַכט מיט זיך אין זיין בענקשאַפטלאַנד — ישראל.

אין 1968 איז דערשינען זיין ערשט לידער־ביכל אויף העברעאיש „נצלבתי אל הכוכב האדום״ (איך בין געקרייציקט געוואָרן צום רויטן שטערן), וווּ ער האָט מיט לירישן געצאַפּל ארויסגעבראַכט גרויל־רעפלעקסיעס פון אַ לעבן אין הונגער, טעראָר, סאַדיזם און ברוטאַלן אומבריענג פון מענטש. אָבער ניט געקוקט אויף דעם זיינען זיינע לידער פול מיט אזוי פיל גלויבן, מיט אזא זעלטענעם יידישן ביטחון, מיט אזא שטאַרקע האָפענונג, וואָס דערשטוינט: מיט וואָס פאַר אַ גייסטיק־עמאָציאָנעלער איבערלעבונג יעדער ליד און לידל איז געשריבן! ס׳איז פונקט ווי ער וואָלט צעליכטיקט דעם אייזיקן חושך פון יענעם שקלאַפן־גיהנום — און אין די שורות דערזעען מיר בולטער דעם מאור פון דער לויטער־מענטשלעכער געשטאַלט פון איין זייט, און פון דער צווייטער — די טיפע זינקעניש פונעם סאָוועטיש־פאַרגולמטן ראַבאַט.

ניט לאַנג צוריק — 1969 — איז דערשינען אַ בוך דערציילונגען פון י. אבי־שב״י מאור: „הסיפור הקצר על המוות הארוך״ (די קורצע דערציילונג וועגן לאַנגן טויט). עס איז איינער פון די מערקווירדיקסטע און אפשר אָריגי־נעלסטע ביכער אויף דער טעמע. דאָ ווערט דערציילט, אין עפּיזאָדן און שיל־דערונגען, וועגן פאַרשיידענע מענטשן — יידן און ניט־יידן — אין סאָוועטישן אינטערנאַציאָנאַל פון קנעכט. זיי זיינען נישט קיין העלדן פון „פיקשן״, פון אויסגעטראַכטע מעשיות, נאָר טראַגישע און אויטענטישע פיגורן, וואָס דער סאָוועטישער קאַטאָרגע־רעזשים האָט פשוט ארונטערגעשונדן זייער צלם־אלוהים. און די וואָס האָבן זיך ניט געלאָזט, די וואָס האָבן רעוואָלטירט, האָט ער פיזיש ליקווידירט מיט די געמיינסטע מעטאָדן פון אכזריות.

אין „לידער הינטער גראַטעס״ האָט י. אבי־שב״י מאור געגעבן דאָס גע־זאַנג פון טראַגיזם אין יידיש־אָריגינעלע שורות. און ס׳וואָלט זיין אַן אַבסורד און אומיושרדיק צו מעסטן די דאָזיקע לידער מיט פּראָפּעסיאָנעלע קריטעריעס,

מיט עקזאַקטע פּאָעטישע כּללים און מאָסן, אויף וויפל זיי זיינען נאָך פאַראַן אין דער מאָדערנער פּאָעזיע, פונקט ווי מ׳קען ניט מעסטן דעם גיהנום מיט וויסנשאַפטלעכע פאָרמולעס. די לידער זיינען גאָר פון אַן אַנדער קאַליבער און אַנדערע דימענסיעס. זיי זיינען אוממיטלבאַר, הומאַניטאַר און יידיש־וואַרצלדיק, וואָס איז איבערוויגנדיק־וויכטיקער ווי דער קינסטלעריש ראַפינירט־אויסגעשליפענער וואָרט, וואָס וואָלט דאָ פאַרלוירן זיין עכטקייט און אמתדיקייט.

י. אבי־שב״י מאור האָט דורך די „גראַטעס״ איצט געבראַכט דעם קלאַנג פון טראַגיזם אויך אין יידיש — אַ סימן אַז ער לעבט און פילט און שאַפט אין ביידע שפּראַכן פון זיין פאָלק. ער האָט אין קליינע, אינטים־אינדיווידועלע און לירישע פערזן איבערגעשפּיגלט דורך זיך דעם חורבן פון אונדזער דור און דעם קאַטאַקליזם פון אַ תקופה. און גוט איז צו פילן אַז אין דער סביבה פון מענטש־צוזאַמענפאַל איז געווען אמונה אין מענטש, פיצלעך בענקשאַפט צו פרוי און קינד און אַ גליאיק האַרץ פאַר זיין אייגן געפייניקט פאָלק.

די יסורים — גייסטיקע און פיזישע — פון דער גרויסער אייגענער טראַ־געדיע האָט ער געטיילט מיט זיין פאָלק. דאָס האָט זיין געזאַנג פון טראַגיזם דערהייבן צו נאַציאָנאַלער און מענטשלעכער וואַרהאַפטיקייט.

י. אבי־שב״י מאור איז געבוירן און געלעבט פאַר דער מלחמה אין יאַנישאָק (ליטע) און זיין אָריגינעלער נאָמען איז י ח ז ק א ל פּ ו ל ע ר ע װ י ט ש. ער האָט דריי ברידער אין יאָהאַנעסבורג (דרום־אפריקע) און אַ ברודער, אַ דאָק־טאָר־פּסיכיאַטאָר, אין באַזל (שווייץ).

זיין פרוי, ע ל אַ, איז געווען פאַרשיקט אין סיביר 1000טער מיילן ווייטער. נאָך דעם מיטגעוואַנדערט מיט אים, אין די וועלדער, אין זיינע אַלע פאַרשיקונגען אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, מיט אַ קליין קינד אויף אירע אָרעמס און „געהיט זיינע טריט״. זי האָט אים געבראַכט גרויסע מאָראַלישע דערמו־טיקונג און צייטנווייז אויך מאַטעריעלע הילף (אין יענע פינצטערע הונגער־יאָרן בעת צעשיידונג און צוזאַמען).

זייער בן־יחיד, מיט וועמען זיי זיינען עולה געווען פון דער סאָוועטישער ליטע קיין ישראל (1965), האָט, ווי אַ דאָקטאָר, געדינט אין צה״ל און — זיך געמעלדעט פרייוויליק צו אַ ספּעציעלער אַקציע אויף דער אונטערוואַסער־שיף ד ק ר, ווו ער איז צוזאַמען מיט דער גאַנצער מאַנשאַפט פאַרשווונדן. יעדן יאָר ווערט איצט אין מדינת ישראל אויסגעטיילט אַ ליטעראַרישע פּרעמיע פאַר דער בעסטער אַרבעט אויף דער טעמע י ם, אויף דעם נאָמען פון ד אָ ק ט אָ ר ש ב ״ י י ע ק ב מ א ו ר, דער זון פון יחזקאל.

ד. וואָלפּע.

## אַ בריוועלע צו דיר*)

פאַר עלינקען —
די שענסטע בלום פאר דיר—
מיינע שטום־געזונגענע לידער

דו — אַ שטילער, ווייכער זונענשטראַל,
וואָס גלעט וואַרעם־צאַרט און באַשיידן
מיין פראָסט־פאַרטויטן קאָפּ אין פרימאָרגן.
איך — אומזיסט באַשפריצט מיט שינאה־גאַל,
אין די נעכט, אין שדים־גן־עדן,
ווער איך אויף אייזיקע תליות געוואָרגן.

דו — אַ לייכטער פרילינגווינט,
אויפוואַך אין דיינע פליגלען —
אויף מיין שטומען, שוויינגדיקן פידל.
איך — ווי אַ הילפלאָז־קליינער קינד
הינטער די אייזערנע ריגלען,
אין האַנט אַ קאַטאָרגע־רידל.

דו — מאַמיש־טריי און פרויאיש־פיין,
יידישלעך, העלדיש, פראָסט און ריין
אויך אין ווייטע סטעפּעס פון סיביר.
איך — אַ געזאַנג פון קייטן און פיין —
אַ געפאַנגענער, שטום, — פלעכט איך אַ קרוין
פון לידער — געשמידטע פאַר דיר.

דו און איך — איין גלויבנקוואַל, איין פייערצונג
אין צעשיידונג און אין באַגעגענונג.
אין אונדזערע בליקן — געטלעכקייט,
אין אונדזער קוש — אייביקייט,
אונדזער טראָט — אומבאזיגבאַרקייט
פון איינפאַך־ריינער מענטשלעכקייט.

---

*) ארויסגעשמוגלט פון סאָוועטישן לאַגער אין 1947

# איך באַגריס דיך, מיידעלע...

איך באַגריס דיך, מיידעלע, צום טאָג פון דיין געבוירן,
זוניק־העל דיין בליק איז היינט און קלאָר.
דו מעגסט מיר לאַנג נאָך קוקן אין די אויגן:
קיין טראָפּן טרויער איז אין זיי נישטאָ, קיין האָר.

איך קער נישט אָפּ פון דיר די בליקן מיינע,
אָפּן זיינען זיי, פאַרפולט מיט ימען פרייד,
ווייל דו, און נאָך אזעלכע פיל, ווי פייערלעך זיי שיינען,
באַלייכטן אונדז די נאַכט אין איר שוואַרצער ברייט.

איך בין פריילעך נישט דערפאַר, ווייל כ׳האָב פאַרגעסן,
ווי קליינע קינדערלעך האָבן מערדערישע הענט
פון נאַצי־וועלף, צעיושעט און פאַרפרעסן,
מיט רציחה זיי געריסן און געברענט.

איך בין פריילעך, ווייל דאָס אַלץ און נאָך — געדענק איך,
און ווייל איך זע דיך היינט, ווי אַ בלומענפעלד צעבליט,
ווייל אונדזער אייגן הימל נאָך בלויער ערגעץ שפרייט זיך
איבער קעפּעלעך צעליכטיקטע, ווי דיינע, מיין ליב קינד.

ווייל עס קלינגט דיין לאַכן, ווי דאָס פליסן פון די וואַסערס
אין הייס־פאַרחלשטע מידבריות, אין פאַרשמאַכטן שלאָף.
דו זאָלסט שוין מער נישט וויסן פון קיין נאַציס און קיין נאַסערס,
זאָלסט׳ מער נישט זען קיין פאַלשקייט, ניט קיין שקר, ניט קיין בלאָף.

טאָ זאָלסטו טאַקע בליען, וואַקסן ביי דיין מאַמען
צוזאַם מיט אירע פריידן, אונטער פאָטערס בליק.
זאָלסט קענען שפּרייזן מיט אונדז אַלעמען צוזאַמען
אויף אונדזער אייגן באָדן, פאַרפלייצט פון זון און גליק.

# אין די צפון־וועלדער

אין די צפון־וועלדער,
ווו ס׳ליגט אַ טיפער שניי,
טרייבן רויטע מערדער
דיין פּאָטער מיט קאָנוואָי.

רעפריין: שלאָף, קינד מיינס, שלאָף,
אין דיינע טרוימען האָף,
אז דיין פּאָטער וועט נאָך זען
זיין קינד, דיין מאַמען ווען.

טרוימט נאָך איצט דיין פּאָטער
אין פינצטערניש פון זון.
פאַר דאָס פאָלק זיינס האָט ער
געשמידט די פרייהייט, שטום.

רעפריין: שלאָף, קינדס מיינס, שלאָף...

האָט זיין לאַנד צעבליט זיך —
דאָס גוטע פאָטערלאַנד.
אויף איר ערד איצט זינגט זיך,
מ׳טאַנצט דאָרט האַנט אויף האַנט.

רעפריין: שלאָף, קינדס מיינס, שלאָף...

עס זינגען דאָרטן יידן
דיין טאַטן אַזאַ ליד.
זיי פעסטער ווייטער שמידן
די פרייהייט פאַר זיין קינד.

רעפריין: שלאָף, קינד מיינס, שלאָף,
אין דיינע טרוימען האָף,
אז דיין פּאָטער וועט נאָך זען
זיין קינד און פרייהייט ווען.

## בלויער הימל, טיפע שיין

בלויער הימל, טיפע שיין —
פייגעלעך שוועבן ארום.
וואַקסט אין האַרצן אויס די פּיין,
צאַפּלט זיך און ווייטיקט שטום.

זאָל דער הימל און די שיין
אַ גרוס דיר ברענגען פון מיין פּיין.

ברייטער וואַלד, ווי גרויסער ים,
צעשיידט מיט קייטן און מיט ווענט.
גראַטעס אייזערנע — מיין ראַם.
מאַכטלאָז הענגען מיינע הענט.

זאָל דער וואַלד, ווי גרויסער ים,
מיין בענקשאַפט צינדן ווי אַ פלאַם.

כ׳זיץ אין שאָטן פון מיין בוים:
עס ו ו י י נ ע ן זיינע צווייגן.
הער די לידער אינעם רוים:
דאָס ז י נ ג ע ן מיינעליידן.

זאָלן די צווייגן פון דעם בוים
מיין תפילה סודן פון דעם רוים.

# דער הויכער, הויכער טורעם

„אשרי הגפרור המצית...“
חנה הצנחנית

ענדלעך בין איך אָנגעקומען
צו דעם הויכן, הויכן טורעם,
וואָס ס׳האָט אויפגעשטעלט דער שטורעם,
דער פּראָסטיק־מערדערלעכער שטורעם,
וואָס פון אים זיינען אומגעקומען
וועלטן גאַנצע. טעג און יאָרן
אין דעם ווילדן אייז פאַרפראָרן
ביז טויט,
ביז אייביק קאַלטן טויט,
וועלכער שוויגט נישט,
רעדט,
פאַרטרויט
ווי מ׳האָט לעבנס געראויבט.
שטיי איך ביי דעם הויכן טורעם,
וואָס ס׳האָט אויפגעשטעלט דער שטורעם,
דער קאַלטער, מערדערלעכער שטורעם.

הוילער אייזן —
די טרעפּ און די גראַטעס
פון לינקס און פון רעכטס.
די פּאָרענטשעס —
פון שטאָל.
אונטן:
אַ האַלבע וועלט
אין פראָסט.
אַ טייגע —
וועלדער און וועלדער און וועלדער
אין פראָסט
און אין שניי.

טיפער שניי.
ביזן בויך שניי.

די לאַנגע הויכע סאָסנעס
זעען אויס קירצער.
יעדער פוס,
וואָס איך הייב,
נעמט צו דעם כוח,
דעם גאַנצן כוח
וואָס איך האָב,
דעם לעצטן כוח...

דער פראָסט!
ווי מערדער־אָטעם
דער פראָסט.
אין לעכער פון טעלאגרייקע —
דער פראָסט.
דורך צעריסענע וואַטענע הויזן —
דער פראָסט.

און די פיס,
אוי, די פיס!
זיי זיינען באָרוועס
אין די וואַטענע זאָקן,
אין ווילד גרויסע
שיך־סוראָגאַטקעס
פול צעלאָזענער שניי —
ער פאַרפרירט
צוזאַמען מיט די פיס,
מיט מיינע נאַקעטע פיס.

אין איך גיי!
די האַק אויף דער פלייצע
אין אַ שייטעלע האָלץ
צו באַוואַרעמען די קעלט
אין באַראַק.
אין אַרעסטאַנטן־באַראַק.
ווי אַ שלאַנג

ליגט אונטערן האַרצן
דער הונגער.
ער בייסט,
עקבערט,
רייסט
און לעכערט
מיט ווייטיק,
ווי אַ טעמפּע זעג,
וואָס זעגט
פּאַמעלעך,
אָן אויפהער,
טאָג און נאַכט
אונטערן האַרצן.

עס יאָגט מיך דער פראָסט,
די פאַרפראָרענע פיס
דער הונגער,
די שפּיז
אויף דער ביקס —
אין מיין רוקן,
און דער קלאַפּ
מיט דעם שווערן
אוי, שווערן
אייזערנעם פריקלאַד.

איך גיי,
ווייל איך ווער געטריבן,
י אָ ר ן
ווער איך געטריבן:
קיין שריט נישט רעכטס,
קיין שריט נישט לינקס!
ווען יאָ —
גיט אַ שטאָך די שפּיז,
גיט אַ קלאַפּ דער פריקלאַד,
גיט אַ שאָס די ביקס.

און איך גיי שוואַך,
אָן כוחות.
גיי אַלץ —
אָבער גיי נישט אויס,
איך פֿאַל נישט,
ווי דער פֿון רעכטס,
ווי דער פֿון לינקס,
ווי דער הינטער זיי.
אַנדערע טרייבט אָן דער קאָנוואָי
אָנשטאָט זיי.

אַזוי טאָג איין
טאָג אויס:
אין פֿינצטערן פֿרי,
אין פּראָסטיקן ברי,
צו האַקן דעם וואַלד,
צו זעגן די ביימער,
צו לאָדן זיי באַלד,
און פֿון הינטן — דער שומר.

אַזוי חודש נאָך חודש —
י אָ ר ן אַנטלויפֿן:
צוויי און פֿינף,
זעקס און אַכט,
ניין און צען.
נאָך דעם:
עלף און צוועלף,
פֿופֿצן, זעכצן,
און...
וויפֿל נאָך?
וויפֿל נאָך!
אַזוי קום איך אָן
יעדן טאָג
צום לאַגער־טויער,
צו דער וואַכטע,

וואָס וואַכט
און נעמט צו מיין האַק...
און איך
מיט דעם שייטעלע האָלץ
הייץ דעם באַראַק,
וועלכער איז ווייס
אויך אינעווייניק
פון פראָסט
און פון קעלט.
איך זופּ אויס די „באלאנדע“.
דאָס ברויט —
נאָר איין ביס...
מיר פאַלן פונאַנדער —
ס׳ווילן רוען די פיס —
צום נאַכטיקן שלאָף
אויף ברעטער־נארעס
אין די זעלביקע שמאַטעס —
די נאַסע.

אין נאָך נאַכטיקער פרי
שוין וועקן די קלעפּ
אויף אַ הענגענדיקע רעלס.
איך עפן די אויגן
און ציטער פון קעלט:
ס׳איז נאָך אַלץ אויף מיר נאַס.
איך ליג, ווער שוואַך,
ווער זייער שוואַך,
בלייב אָן כוחות,
בלייב גאָר אָן כוחות...
און דאָך —
בלייב נישט ליגן,
גיי נישט אויס,
ווי דער וואָס פון רעכטס,
ווי דער וואָס פון לינקס,
ווי יענער — הינטער זיי.

איך הייב זיך אויף,
גיי און קריך,
קריך און גיי
און שלעפּ די האַק
אין טיפן שניי,
אין טייגע־וואַלד.
מענטשן הויכע, גרויסע,
ווי די ביימער,
פאַלן,
און איך ווער אַלץ נאָך נישט
פאַרפאַלן.
ווייל דאָס פייער
טיף אין מיר
איז נאָך אין גאַנצן
נישט אויסגעגאַנגען.
ווייל אין האַרצן ברענט
אַ וואָרט,
וועל איך זאָגן נאָך
מיין וואָרט...
טראָג איך איצטער
צו דעם שטורעם
און צו זיין הויכן, הויכן טורעם
מיין פייער־שפּריץ —
אַ גליענדיק וואָרט.
אויפן טורעם־שפּיץ
מיין אָרט.

שמאַטעס, שמאַטעס
פון סוראָגאַטעס,
פון וואַטענע זאָקן
מיט שטיקער פלייש,
מענטשלעך פלייש,
צוגעפראָרן
אויף די טרעפּ
פון ד'עם טורעם.

דאָס זיינען יאָרן
פון מענטשלעכע לעבנס.
אויך מיינע יאָרן —
פאַרפראָרן,
אומזיסט
זיי פאַרלאָרן,
פאַר גאָרנישט
האָט מען זיי געקעפט.

אוי ווי שווער
צו קריכן העכער,
ווען דער פראָסט
ברענט אויס לעכער
אין די פיאַטעס פון די פיס.
אַ טראָט — אַ ריס!
אַ טראָט — אַ ביס!
לויף איך שנעלער,
לויף איך גיכער,
פראָסט וויכערט.
העכער, העכער —
ווערט אַלץ קעלטער,
אָבער העלער:
דאָרטן זעט
מיין געוועט
אַ גאַנצע וועלט.

שטיי איך אויפן שפּיץ אויפן העכסטן פון גאַנצע יאָרהונדערט.
עס שווינדלט די הויך. ארום — אייזיקער ווינט.
צפון נאַכט אָן זון.
עס פאַרכאַפּט מיך דער אָטעם. כ׳בין שוואַך און פאַרהונגערט.
אונטן, ווייט אונטן קרוינען פון וועלדער לויפן,
ווי וועלן, מיט רוישיקן זשום.

מיט איין מאָל אויף שנייען פון טייגע דערזע איך
פון צווישן די ביימער

די שומרים, ווי חיות, אויף ביקסן — באַגנעטן,
ווי נעגל פון געהייבענע לאַפּעס.
מיט שפּיזיקער ווייסקייט זיי גלאַנצן, נאָך האַרבער
וואַרפן זיי אַ שוידער
אויף מענטשן אין וועלדער פאַרשפּאַרטע,
ווי הינטער די אייזערנע גראַטעס.

ווייל איך שרייען, וויל ריידן, וויל זינגען צו זיי, דאָרטן אונטן,
ס׳זאָל מיין שטים זיך צעקלינגען, ווי גלעקער
וואָס רופן צום אויפשטאַנד.
פאַרהאַקט מיר דער אייזווינט דאָס מויל און
כ׳בלייב אליין מיט די ווונדן,
פאַרפריר איך פאַראייניזאַמט און הילפלאָז
הינטער דער וואַלדיקער וואַנט.

צערייס איך מיט אייגענע הענט דעם ברוסטקאַסטן מיינעם
און נעם ארויס מיין אומשולדיק האַרץ, אַ הייסע עס קלאַפּט נאָך.
איך הייב עס הויך אויף מיין האַנט אנטקעגן דעם אייזיקן שטורעם.
שווייגזאַם און ווירדיק ווייז איך דער וועלט זיין ליכטיקע ריינקייט.

פלוצלינג צעשטראַלט זיך מיין האַרץ מיט פרילינגדיק,
זוניקער הייסקייט.
און די האַנט מיינע, וועלכע האַלט עס, דערגרייכט שוין
די הייכקייט פון הימלען.
מיין קערפּער ווערט וואַרעם, דער אייזווינט פאַרלירט
זיין שטעכיקע בייזקייט,
די טיפע שנייען צעגייען און וואַסערלעך הייבן אָן בומלען.

גיט זיך אַ ריר דער ים פון די קראַנעס אויף ביימער פון טייגע,
דערזע איך די מענטשן בייזע, פאַרביטערטע, מוטיקע, דרייסטע,
זיי ברעכן אייזערנע צוימען און בלייבן שטיין פאַרצויבערט אַ רגע,
כדי נאָך אַ ביסל דערוואַרעמט צו ווערן פון דער זון —
די סאַמע הייסטע —
וואָס רופט זיך: מענטשלעך האַרץ
פאַרפייניקט דורך שינאה אומזיסטער.

גליקלעך שיינט דאָס האַרץ
און העל עס ברענט
אויף די הייך־געהויבענע הענט.
ווי אַ פאַקל־וווּנדער
צינדט עס אונטער
און צעשמעלצט אזא קעלט,
אַזאַ אייזיקע וועלט.
און אליין, אָן לשון,
ווערט דאָס האַרץ פאַרברענט
און פּאַמעלעך פאַרלאָשן.

— — — — — — — —

## האָסט געהערט ביי נאַכט ?

האָסט געהערט ביי נאַכט די קרעכצן
פון אַ מויל פאַרקרימט אין שלאָף ?
דאָס געיאָמערט האָט דער נעכטן
און דער היינט — פאַרפלייצט מיט בלאָף.

ליגט דער מענטש אין שטריק געבונדן,
קרעכצן קען ער נאָר אין שלאָף.
אויף דער וואָר ער שרייט אין וווּנדן :
שקר בראַוואָ ! אזוי אָן אַ סוף.

## וווּ פֿאָרט זי, די מאַמע?

וווּ פֿאָרט זי, די מאַמע, די אַלטע, אַליין?
די אויגן פֿאַרפֿינצטערט און רויט פֿון געוויין.

איר איינציקע טאָכטער איז קראַנק אין סיביר,
איילט זי זיך גיכער צו ראַטעווען איר.

דער צוג גייט פֿאַמעלעך, נישט לויפֿט גענוג שנעל,
קיין סוף צו די וועלדער אין שנייאיקן מעל.

און ענדלעך באַווייזט זיך אַ דאָרף אינעם שניי —
דאָרט ליגט אין אַ שטיבל איר טאָכטער אין וויי.

די מאַמע, די גרויע, זי לויפֿט און זי פֿאַלט —
פּוסט איז דאָס שטיבל, פֿאַרפֿראָרן און קאַלט...

אַ פֿויער, אַן אַלטער, אַ קבר איר ווייזט —
אַ פֿרישער, אַ שוואַרצער אין שנייאיקן ווייס.

איר איינציקע טאָכטער די מאַמע וויל זען,
נעמט זי אַ רידל, גראָבט זי מיט ברען...

אָט ליגט זי, די טאָכטער — אַ פֿאַרלאָשענע ליכט.
ווי נאָענט — איר קערפּער, ווי ווייט — איר געזיכט.

בלייבט זיצן די מאַמע, אָן אָטעם אין גרוב,
די טאָכטער צוקאָפּנס — נאָר פֿראָסט איז ארום...

פֿאַרשיט זיי דער פֿויער, מיט אומעט זיין ריר —
די מאַמען און טאָכטער אין ווייטן סיביר...

## ?ווערט זיין מאָרגן שיין

:איך שלאָף און זע מיין איינזאַמקייט
.אַ בוים אָן זון, אָן וואַלד
— עס אָטעמט שטום די אייביקייט
.איך וועל איר טייל זיין באַלד

— פאַרפלאָנטערט זיך אין מיר אַ טרוים
.לעב איך ווי אין טרוים
,מיין פרילינגטאָג דערמאָנט עס מיך
.מיין נעכטן איז זיין שוים

סיבירער פראָסט אין דרויסן שמידט
.אין טויטע קייטן אַלץ
— "איך רייס אין טרוים „פאַרגעס־מיך־נישט
.כ׳קוש זיי און איך האַלדז

,דאַן ווידער בליט מיין קינדהייט־טאָג
.ווי בלומען צאַרט און ריין
:עס בריט דאָס האַרץ און הייס עס נאָגט
?ווערט זיין מיין מאָרגן שיין

## מײַן טאָג פֿאַרגײט

מײַן טאָג פֿאַרגײט אין רויטן שנײ און פֿראָסט,
לאַנגע שאָטנס פֿאַלן, גרויען זיך אין ווײַס.
גיכער שפּרײַז איך, גיכער כ׳לויף אין האַסט,
אָט וועל איך אײַך דערזען — איך באַווײַז:
פֿעלדער מײַנע, נישט געשמידט אין אײַז — —

ביימער לאַנגע וויקלען פֿיס אין שוואַרץ,
די קרוינען אָבער לײַכטן נאָך מיט זון.
כ׳וועל אַ בוים נישט ווערן מיט אַ האָלציק האַרץ.
איז מײַן שריט שוין בלינד, ווי בײַ נאַכט אַ הון?
נאָר אויף מײַן קאָפּ נאָך לײַכט די זון!

אַ הויכער באַרג שנײַדט מיך אָפּ דעם וועג.
צופּוסנס — שאָטנט שוין. שטיי איך און איך טראַכט:
אויף זײַנע שפּיצן שײַנען לאַנגע טעג,
שפּעט די שקיעה דאָרט און קורץ די נאַכט.
ארויף איך קריך, דער ווינט אין פּנים לאַכט.

מײַן טאָג פֿאַרגײט אין רויטן שנײ און פֿראָסט,
לאַנגע שאָטנס פֿאַלן, גרויען זיך אין ווײַס.
גיכער קריך איך, כ׳לויף מיט האַסט.
אָט וועל איך אײַך דערזען — איך באַווײַז:
פֿעלדער מײַנע, נישט געשמידט אין אײַז — —

# מיר זיינען געבונדן

מיר זיינען געבונדן אָן שטריק און אָן קייטן,
ווי פייגל געפאַנגען אין אייזערנעם שטייג.
פון ווינטל, דעם לייכטן, פון ערגעץ פאַרווייטן
מיר פילן די מאַמעשע היים און איר אויג.

שליאַכן, די פרעמדע, פאַרזייטע — ווי פעלדער —
מיט אונדזערע לעבנס, מיט שווייס און מיט טרוים.
שווייגן — ווי צוימען, ווי היטער — די וועלדער,
ווי תליות — די צווייגן אויף שלאָפלאָזן בוים.

מיר קריכן, מיר זוכן שפּאַלטן אין לעכער.
די נאַכט איז אַ קאַלטע אין שפּעטיקן האַרבסט.
אָבער נאָר שטערנס, זיי ווינקען, אַלץ העכער,
און מורמלען, ווי טרוימען נאָך וועלכע דו גאַרסט.

# נישט פון שטיין און מאַרמאָר...

צום אָנדענק פון ח. ראָנדער

נישט פון שטיין, נישט פון מאַרמאָר איך שטעל א מצבה
אויפֿן בערגל דיין פרישן פון שוואַרץ־געלן ליים.
אַ ליד, ווי אַ בלום, איך לייג אויף דיין קבר,
ווי מ׳לאָזט נישט קיין פויגל פליען אַהיים.

אַ מערדעריש האַנט האָט געפאַנגען דעם פויגל,
צעשטערט אים דעם גליקלעכן, פריידיקן פלי.
ווייט איז פאַרבליבן זיין לאַנד אַ צעבליטע,
און וואַרט, ווי אַ מאַמע, אויף זיין ליד אין דער פרי.

אין שטייגל פאַרשפאַרט איז געזעסן דער פויגל,
פון שטאָלענע דראָטן און גראַטעס די ווענט.
בעסערע קערנער האָבן געגעבן, געשאָטן
צו זאַט פאַר דעם פויגל די זאַרגיקע הענט.

שטענדיק זיין האַר פלעגט באַפוילן דעם פויגל:
„זינג מיר, נאָר זינג דיין ליד וואָס איז שיין,
אָבער אָן בענקשאַפט, אָן טרויער, אָן ווייטיק,
דער שטייג איז דיין פרייהייט, אַ סוף צום געוויין!״

דער פויגל געהערט האָט און שטום האָט געשוויגן,
ווען האַר האָט געפאָדערט: „זינג מיר, דו הערסט?״
דאָס הערצל פאַרקלעמט פון דער בענקשאַפט דער גרויסער
צום אייגענעם בוים און צום אייגענעם נעסט,

וואָס געבויט האָט ער לאַנג אין די יונגינקע יאָרן,
ווען זיין ביימערשע וועלט געווען פארפלייצט איז מיט ליכט.
איצט אַ קראַנקער, אָן כוחות פון בענקשאפט, דער פויגל
געגוססט, געזעגנט האָט, ווי אין אויסגיי אַ ליכט.

דאַן האָט זיך דעם האַר געוואָלט שפּאָטן פון פויגל,
האָט געעפנט דעם שטייג: „פרייהייט פאַר דיר!״

פון גליק האָט דער פויגל צעשפּרייט זיינע פליגלען,
נאָר פלוצלונג געפאַלן אין אָפענער טיר — —

אין שטילע פרימאָרגנס וועלן פייגעלעך פליען
און ליכטיק וועט זיין אויף דער בליאיקער ערד,
וועלן זינגען פון דעם, וואָס דו האָסט נישט דערזונגען,
אין ליד פון די פייגל וועסטו ווערן באַערט.

נישט פון שטיין און פון מאַרמאָר כ׳שטעל אַ מצבה
אויפן בערגל דיין פרישן פון שוואַרץ־געלן ליים.
אַ ליד, ווי אַ בלום, איך לייג אויף דיין קבר —
ווי מ׳לאָזט נישט קיין פויגל פליען אַהיים.

## פונקען שפּריצן

פונקען שפּריצן, פינקלען, פליען,
ווי פּיצלעך, שטיקלעך רעגן־בויגן.
ס'איז נישט קיין בלומענפעלד אין בליען —
דאָס זיינען פונקען פון די אויגן.

אין ים פון צייט די טעג פאַרגייען,
ס'וועלקן ווידער נייע קווייטן.
צוריק די טעג איך טו פאַרזייען
און וועק זיי מיטן קלאַנג פון קייטן.

## צו מײַן האָפֿענונג

האָסט נאָך אַלץ אין פֿינצטערן באַגינען
מיך געוועקט, גערופֿן אין דער שטיל.
טראָפּנס גלויבן נישט אויפֿגעהערט צו ריגען
אויף די ליפּן מײַנע, אַזוי קיל.

כאָר: דער ווינט ער רײַסט
נאָך גרינע צווײַגן,
און בײַז ער הייסט
מיר שווײַגן, שווײַגן.

האָסט מיך צאַרט געוואַרעמט און געצונדן,
ווען מיר קאַלט געווען איז אינעם שניי.
ווי אַ מאַמע פֿאַרבונדן מײַנע וווּנדן
און ווייך געמאַכט אין מיר דעם ווי.
דער ווינט ער רײַסט...

ווער האָט געזאָגט, אַז די טויטע שווײַגן,
אַז אומזיסט־פֿאַרגאָסן בלוט איז שטום?
דאַרף ציטערן די וועלט פֿון מײַנע ליידן,
פֿון די מאַסן גריבער דאָ אַרום.
דער ווינט ער רײַסט...

פֿאַר וואָס זשע וואַקלען זיך די מערדער?
ווײַל שיכור זײַנען זיי און זאַט.
ווערט פֿאַרלוירן מײַן געשריי אָן ווערטער —
ווי אין האַרבסטיק נאַכט אַ בלאַט.
דער ווינט ער רײַסט...

אָבער אין דעם פֿינצטערן באַגינען
מיך וועקסטו ווידער אין דער שטיל.
טראָפּנס גלויבן דײַנע ווידער רינען
אויף די ליפּן מײַנע אַזוי קיל.
דער ווינט ער רײַסט...

## צעשיידונג

איך שפּרייז דאָ אליין
אין דעם שנייאיקן וואַלד.
אליין דאָ איך וווין
אין אַ שטוב וואָס איז קאַלט.

קיין אויג מיך נישט גלעט
מיט אַ ליבלעכן בליק.
אליין — כ׳בין דאָס ברעט
אויף אַ קבר פון גליק.

געדענק איך מיין גליק,
ווי קינדערשן שיין.
געדענק איך דעם בליק,
וואָס שיכורט ווי וויין.

איך גוסס און וואַרט —
ווי די זון וואָס פאַרגייט,
דעם פרימאָרגן זי נאַרט —
נאָר די פינצטערניש גייט...

## שטום און שוויַיגזאַם...

שטום און שוויַיגעוודיק מיַין פֿידל,
שטום און שוויַיגעוודיק די נאַכט.
וויינט אַליין מיַין יתום־לידל —
שטיל, פֿאַראיינזאַמט און פֿאַרטראַכט.

נישט קיין מענטש און נישט קיין אויער
זעט נישט, הערט נישט אויס מיַין צער.
כ׳וויל נישט אויסגיין ביַי דעם טויער
פֿון דעם לאַנד — צו אים איך גאַר.

## אָט בין איך געקומען

אָט בין איך געקומען צו גאַסט
צו אײַך, מײַנע טויטע.
אויך איך טראָג מײַן שווערע לאַסט:
די קאַטאָרגע־יאָרן בײַ „רויטע".

איך ליג, ווי אַ בלום, אויף די גריבער
מײַן פּעקל דערמאָרדעטע יאָרן.
זאָל עס וועקן אין דורות אריבער,
ווי איר דאָ, דעם אייביקן צאָרן.

און עס וועלן דער צאָרן, די ראַכע
פאַרוואַנדלען די וויסטעס אין בליען.
און יידישע גלידער, די שוואַכע,
באַוועגן אין שטאָלענעם גליען,

צו שאַפן אויף גריבער די פרייהייט,
צו זינגען אויף קברים אַ ליד,
צו ווערן מיט פלאַמיקער טרייהייט
פון אייגענעם גורל דער שמיד.

שטיי איך אויף קברים פון ברידער,
ווייס איך שוין אָבער פון ס׳ניי:
דער ייד מיט זײַן בלוט ערגעץ שמידט ער
אַ מענטשלעך לעבן אויף דער פריי.

# איז ער בלינד ?

אַ גאַנצן טאָג עס פאַלט אַ שניי,
כ'ווער נישט מיד
און זוך די שפורן פון דעם וויי
צו מיין ליד.

קאַלט. ער גלאַנצט, ער זאָגט נישט אויס —
דער ווייסער שויס.
עס גייט מיין וויי פון הויז
אין גאַס ארויס.

נישטאָ קיין שפורן אין דעם שניי,
איך זע נישט זיי.
גאַס איין גאַס אויס איך גיי און גיי
און זוך מיין וויי.

איך טרעף אַ ייד, אַ פרעמדן ייד,
איך בין נישט בלינד :
אין זיינע אייגן גלאַנצט און גליט
מיין וויי און ליד.

וויל איך פאַלן קושן אָט דעם ייד,
ווי אַ קינד.
אָבער ער דערקענט מיך נישט,
איז ער בלינד ? —

## אַ קינד געווען איז...

„איר ווייסט ?
אַ קינד אַ פּיצל
געווען איז ביי מיר.
בלאָנדינקע לעקעלעך,
אייגעלעך — בלוי.
אַ שטים, ווי פון גלעקעלעך,
ליפּן ווי טוי,
וואָס באַדעקן די רויזן
די רויטע
אין צאַרטן פרימאָרגן,
באַקרוינטע
מיט ערשטע שטראַלן
זונענשיין,
וואָס פינקלען,
פאַרבאָרגן,
ווי וויין.
און בעקעלעך,
ביים עופּהלע —
מיט גריבעלעך חן.
קיין זאַך אין דער וועלט
איז נישט געווען אזוי שיין.
און קליינינקע הענטעלעך,
מיט דינינקע פינגערלעך,
נעגעלעך —
ראָזינקע ברעקעלעך.
די פיסעלעך —
גראַדינקע שטעקעלעך.
אָבער איינע —
אַ האָרעלע קירצער,
די צווייטע —
אַ האָרעלע לענגער.
פלעגט מיין עופּהלע גיין

אויף די לינקע —
אַ הונק.
זיך וויגן, זיך קייקלען,
ווי דער איינציקער
ליכטיקער פונק
אין מיין פינצטערן לעבן.

זיינען געקומען
די ווילדע וועלף,
די נאַציס,
אין געטאָ.
זיי האָבן גערויבט
די קינדער פון מאַמעס.
ביי מיר זיינען זיי אריין אין שטוב.
מיין קינד —
אַזאַ בלום
פאַר אַ גרוב ?!!
האָב איך געלאַכט :
נישטאָ קיין רוצח,
וואָס זאָל וואַגן
טאָן שלעכטס
אזא פראַכט.
אַנו, נעמט אים, וואַגט !
זיי האָבן געוואַגט...
און איך האָב געלאַכט
און לאַך נאָך היינט,
ווייל די גרעסטע חיה,
די ווילדסטע,
וועט מיין קינד
קיין שלעכטס נישט טאָן.

און פון דאַן אָן
בין איך אַוועק
איבער וועלדער,
איבער פעלדער,

אין שטעט,
גאַסן
און פּאַרקן
זוכן מיין קינד.
שוין זעכצן יאָר איך זוך.
אפשר ווייסט איר?
אויף די לינקע
פּיסעלע
טוט ער אַ הינק,
ער וויגט זיך
ביים גיין,
ער קייקלט זיך —
דער שענסטער,
דער ליכטיקסטער
און איינציקער פונק
אין מיין לעבן".

אין פּאַרק די פרוי,
צעקנייטשט און גרוי,
לויפט נאָך אַ קינד
וואָס הינקט.
— ווי רופט מען דיך?
ביסטו מיין קינד?
דערקענסט מיך נישט?
אָ ניין, נישט ער,
ס'איז נישט זיין קער.
ער איז גאָר שוואַרץ
און פרעמד זיין האַרץ! — —

אין גאַס די פרוי,
צעקנייטשט און גרוי
אַ יינגעלע שטעלט אָפּ.
— ס'איז בלאָנד דיין קאָפּ,
דו הינקסט
און בלוי דו בליקסט,

דערקענסט מיך נישט ?
— זשידאָווקאַ, גיי ! —
און שפּרייזט
פאַרביי
און גייט אַוועק.
— איך בין דיין מאַמע,
ש ט יי ! —

די מענטשן
שווייגן ארום.
אַנדערע —
לאַכן.
און אַנדערע —
לאָזן
טרערן
שטום.

שטייט די מאַמע
און פרעגט
מיט ווילדע אויגן
דער גאַנצער וועלט :
— פ אַ ר ו אָ ס ?

## דאָס אש און די קברים

דאָס אַש און די קברים
אויפסנייַ אונדז געבוירן.
דער ביין און די הויט
האָט געשאַפן דער טויט.

מיר זייַנען נישט שטערבלעך,
דאָס לעבן איז הערלעך.
נישט זאָרגט זיך, נישט טראַכט:
ס׳קומט אַ סוף צו דער נאַכט.

אין טענצל ווערט וואַרעם,
דאָס ליד פלאַמט זיך אָן.
שטאַרק איז דער אָרעם
וואָס האַלט נאָך די פאָן.

# דאָס שטעטל...

פאַר ז. ט.

דאָס שטעטל האָט געטראָפן מיך מיט בלינדע אויגן
אין אַ מיטאָג, פרעמד און קאַלט און שטום.
מיט גרוס האָט קיינער נישט דעם קאָפּ צו מיר געבויגן —
גויים שיכורע אין איינזאַמען ארום.

איך בין אַוועק צו די ברידער־גריבער —
געפונען זיי אין וועלדל נעבן וועג.
אַ געדענקשטיין אַן עלנטער, אַ טריבער,
אין ים פון יידישליידן אָן אַ ברעג.

אויף די טרעפּ, ביים שטיין, אַ בליענדיקע איז געשטאַנען
מיין ברודערס טעכטערל, אַ ליאַלקעלע, פארטראַכט.
טרערעלעך אויף אירע אייגעלעך זיינען נישט געהאַנגען,
נאָר לעבן האָט געשפריצט פון זיי אין פולן פּראַכט.

דאָס קליינע מיידעלע מיין ווייטיק האָט געשטילט
און געגעבן נייע האָפענונגען צו פאַרשטיין:
ס׳וועט מיין פאָלק נאָך בליען אזוי הערלעך, אזוי מילד,
ווי דאָס וואונדערלעכע מיידעלע ביים שטיין.

יאַנעווע, מיי 1958.

# דער שמשון־באַלעט פון די 400 יידישע מיידלעך

„ויאמר שמשון: תמות נפשי עם פלשתים".
(שופטים, ט"ז, ל')

ווי אַ זאַל איז די קרעמאַטאָריע געבויט —
מיט פיר הונדערט מיידלעך פאַרשפאַרטע צום טויט.
זיי לויפן, זיי רייסן די שטיינערנע ווענט —
נאַקעטע קערפּערס און מאָגערע הענט.
זיי זוכן אַן אויסגאַנג... פאַרמאַכט איז די טיר,
פאַרפאַנצערט מיט אייזן, זי גיט זיך קיין ריר.
„צום לעבן! צום לעבן!" — שרייט יעדער גליד.
עס פליען די שעהען, זיי ווערן שוין מיד.
זיי רייסן, זיי בייסן, זיי ברעכן די ווענט
מיט נאַקעטע פינגערס, מיט מאָגערע הענט.

דער זאַל מיט באַלקאָנען איז הויך און איז ברייט.
די דילן מיט אייזערנע רערן געדרייט.
מיט בעטאָן איז פאַרגאָסן אַ רער מיט אַ דער.
די פענצטער מיט גראַטעס, אַ הויכער באַריער
פאַרשטעלט איז דאָס ליכט, די שיין פון דעם טאָג.
פאַרצווייפלטע בליקן פון טרערן און נאָג,
זיי ברויזן, זיי זוכן אַן אויסוועג, אַ שפּאַלט,
צום לעבן צום פרייען, ווו זון איז צעשטראַלט.
די מיידלעך זיי שטויסן, זיי ברעכן די ווענט
מיט נאַקעטע קערפּערס, מיט מאָגערע הענט.

נאָר איינע, יוכבד, די שענסטע פון זיי
אַ פאַרגליווערטע שטייט אינעם ים פון דעם וויי.
זי לויפט נישט, זי זוכט נישט, זי רייסט נישט די ווענט,
די ליפּן — פאַרביסן, דער בליק אירער ברענט.
ווי אַ פעלדז פון גראַניט אין שוימיקן ים,
פילט זי, אַ שטאָלצע, פון ניצחון דעם טעם.
פאַרצווייפלט די מיידלעך איר רינגלען אַרום,
פאַרוואונדערט זיי וואַרטן, געדולדיק און שטום:

„וואָס ווייס זי, די שטאָלצע, וואָס זאָגט זי נישט אויס,
ווי קען מען זיך רעטן, פון דאַנעט ארויס?“

יוכבד, אַ שטרענגע, די מיידלעך קוקט אָן,
זי ווייס און זי פילט וואָס עס שטייט איצט אין קאָן:
צי וועלן זיי הערן און וועלן פאַרשטיין?
צי וועלן די מיידלעך צום זיג מיט איר גיין?
מיט בליקן, ווי פיילן, זי שטעכט זיך אריין
אין הערצער — אַ־ין צינדט דאָרט פון האָפן אַ שיין.
נאָך שטאַרקער די מיידלעך פון בליק אירס געשמידט,
ווי רינגען — די קערפּערס, און זי — אין דער מיט.
„וואָס ווייסט זי, די שטאָלצע, וואָס זאָגט זי נישט אויס,
ווי קען מען זיך רעטן, פון דאַנעט ארויס?“

די שטים פון יוכבד איז האַרציק און שטיל,
ווי זומער אַ טייכעלע, פליסיק און קיל,
פרישט אָפּ די מיידלעך, זיי פאַרגעסן די גרויל,
מיט גלויבן מיט נייעם ברענט פון איר מויל:
„עס האָט מיר מיין חתן אין געטאָ דערציילט:
דער זאָל דאָ געבויט איז אזוי אַ־ין פאַרלייגט
אז פון אַ ציטער אַ גרויסן ס׳וועלן פאַלן די ווענט,
ס׳וועט ברעכן דער דאַך זיך, דער דיל פון צעמענט.
לויט אַ נאַצי־באַפעל האָבן עס יידן געבויט
און באַהאַלטן אין אים פאַר די מערדער דעם טויט“.

פאַרטראַכטע די מיידלעך, מיט ציטער אין קול:
ווו נעמט מען אַ שמשון, אזוי ווי אַ מאָל,
ער זאָל ברעכן, צעוואַרפן געמויערטע ווענט,
און ארויסטראָגן זיי אויף מענערשע הענט?
נאָר פלוצלינג עס הערט זיך אַ קלונג פון אַ גלאָק,
אַ גערייד, אַ געטומל אויף דעם אייבערשטן שטאָק:
די באַלקאָנען מיט נאַציס זיי ווערן פאַרפולט,
אין בינאָקלען זיי קוקן, מוזיק ערגעץ שפּילט.
ארום יוכבד די מיידלעך נאָנט צוגעשמידט,
ווי רינגען — די קערפּערס, און זי — אין דער מיט.
פון די ווינקלען עס צינדן פּראָזשעקטאָרס זיך אָן

און פאַרפלייצן די מיידלעך מיט אַ ליכטיקן שטראָם.
דער בעטאָנענער דיל ווערט צעוואַרעמט, ווערט הייס,
פֿון די קערפּערס די נאַקעטע שלאָגט שוין אַ שווייס.
ס'ווערט הייס, עס ווערט פייערדיק, בראַנדיק דער דיל.
יוכבד אַנטשלאָסן באַפעלט אין דער שטיל:
„צעשפרייט זיך נאָר, מיידלעך, מאַכט גרעסער דעם ראָנד,
איך וועל אייך באַפעלן, די ראַכע איז נאָנט,
דער זין פון דעם אומקום — נקמה איצט מאָנט!
צעשפרייט זיך, מאַכט גרעסער, מאַכט ברייטער דעם ראָנד!

„צוזאַמען — אַ שפרונג!
צוזאַמען — אַ זונג!
אַ פּאַטש מיט די הענט,
ווי שטאַרק נאָר איר קענט.
נאָך העכער איר שפּרינגט,
נאָך העכער איר זינגט!
נאָך ברייטער דעם ראָנד,
די ראַכע איז נאָנט
פֿאַר ריינעם, אָן שולד
פֿאַרגאָסענעם בלוט.
די באַלקאָנען שוין פול
מיט נאַצישע הינט.
טאָ העכער איר שפּרינגט,
טאָ העכער איר זינגט!
אַ טאָפּע מיט פוס,
אַ פּאַטש מיט די הענט.
שוין שאָקלט דער דיל זיך,
עס ציטערן ווענט.
באַלד וועט שוין זיין
אויף אייביק קיל.
נקמה — דער ציל!
היט נאָר דעם טאַקט,
העכער דעם שפּרונג!
שטאַרקער געהאַקט,
העכער דעם זונג!"

די נאַציס, באַגייסטערט פון טויטן־באַלעט,
פּאַטשן צום טאַקט, זייער גאַולייטער רעדט:
„בראַוואָ, יוכבד, דאָס לעבן איר שענקט,
פאַר גוט דיריגירן זאָל זי ווערן באַלוינט:
זי וועט לערנען די נייע דעם דאַזיקן טאַנץ.
פאַר איר שיינקייט און קענטשאַפט — קיין בלומען־קראַנץ:
נאָר ווינען זאָל זי אין אַ צימער אליין,
מיט קינפטיקע פּאַרטיעס זאָל זי טאַנצן, „זאָ שיין".
בראַוואָ, יוכבד, דאָס לעבן איר שענקט,
פאַר גוט דיריגירן זאָל זי ווערן באַלוינט".

יוכבד בלייבט שטיין אויף הייס־זודיקן דיל,
איר שטימע קלינגט קלאָר, כאָטש זי רעדט אין דער שטיל:
„איך דאַרף נישט קיין לעבן, ווי אַ גיפטיק געטראַנק —
אַ שפּאַס פון די מערדער איז זייער געשאַנק!
אָט זעט איר, איך ברען שוין און פיל נישט קיין וויי,
זאָל זיין אונדזער אומקום א נקמה־געשריי.
צו ברענען צוזאַמען מיט רוצחים איז זיס!
הייבט העכער און שטאַרקער זאָלן קלאַפּן די פיס!
די מערדער — מלחמה, די הענקערס — אַ קריג!
ס'איז נאָנט דער ניצחון, אָט איז ער, דער זיג — —"

ווי פון ווולקאַנעס די לאַווע — ס'פאַלן די ווענט ,
די באַלקאָנען — זיי פליען, פון אונטן — עס ברענט.
די מיידלעך, די שטאָלצע, זיי זינגען פון גליק.
ווי ביי שמשונען — חורבות באַדעקן דעם זיג...

— — — — — — — — — — — —

אַ סך יאָרן גאָר שווערע פאַרגאַנגען פון דאַן.
פאַראייניזאַמט די חורבות נאָך ערגעץ פאַראַן.
קיין דענקמאָל, קיין אויפשריפט נישטאָ נאָך אויף זיי.
נאָר טויזנטער יידן שטעלן אָפּ זיך אין וויי —
ווי ביי אַ קוואַל זיי דאָ קניען, כאַפּן אַ טרונק
צו שלינגען פון גבורה־באַלעט כאָטש אַ פונק.

# האַס און ליבע

פאַר ז. ט.

אויב נאָך מיין טויט וועט ווערן מיין קערפּער צעשניטן
אַ פּאַס נאָך אַ פּאַס,
וועט יעדער אָדער און גליד, אַרום און אין מיטן,
געפילט זיין מיט האַס.

אַ גיפטיקע שינאה צו הענקערס, צו מערדערס
פון ווייט און פון נאָענט —
זיי האָבן, ווי פּאָנעס דורך געטאָס, דורך וועלדער,
די נקמה געטראָגן, געמאָנט.

אויב עמעצער זאָל ביים לעבן דאָס האַרץ מיר אנטהילן,
אין זיין טיף, אויף זיין גרונט
וועט ער מיין פארבאָרגענעם קוואַל זען, דערפילן
מיין ליבע און מוט.

אַ פלאַמיקע ליבע צו די פאַרבליבענע
פון שוואַרץ און פון רויט.
זי מוטיקט און מאַכט בליען לעבנס צעריבענע,
איז שטאַרקער פון טויט.

# עס פליען גענדז

זע, עס פליען גענדז אין הימל,
פויגלען פרייע, ווייט און הויך.
ליגט די ערד אין שנייאיק־שימל,
טרוימען שוועבן ווי אַ רויך.

פרילינג נייער, נאָר געבאָרן.
פויגלען זוכן דיך אַצינד.
שאַל, דו מענטש, און בלאָז אין האָרן,
נעם אַ פאַקל, טו אַ צינד.

זינג אַ ליד און טאַנץ אַ טענצל:
אַלץ וועט בליען פון דאָס ניי!
וועט זיין פרילינג אָן מ יי ן קרענצל?
אָן מ יי ן לידל אויף דער פריי?!

וואַרט זשע, וואַרט, דו מענטש, דו וועלט:
באַפריי אויך מיר פאַר מיין בלי!
צעשמעלצן וועט דאָס אייז און קעלט
מיין פיין, מיין ברען, מיין גלי.

# עס קייקלען זיך יאָרן...

עס קייקלען זיך טעג, ווי טראָפּנס פון רעגן,
אויף פעלדער און ביימער און בערג.
כ׳נעם צוזאַמען די טעג אין ראַמען, אין ברעגן,
ווי טייכן צעברויזטע, וואָס זוכן אַ וועג.

געפינען אַ וועג — און לויפן שוין ווייטער,
מיט אומרו זיי רייסן זיך צום אָקעאַן.
דאָרט צינדט זיך אַ כוואַליע — אין שקיעה אַ שייטער —
און עמעצער מורמלט: ס׳איז אַ מאָרגן פאַראַן!

דער מאָרגן וועט סיי ווי העל זיין און זוניק,
אַ ווינטל וועט וויגן די פעלדער אין שיין,
און וואַסער וועט ווערן נאָך זיסער ווי האָניק,
פרישער און קעלטער און שטאַרקער פון וויין.

יאָרן פון ליידן זיינען נישט ווי די בלעטער,
וואָס פאַלן אין האַרבסט שטיל און פאַרגעלט —
זיי ווייזן אונדז וועגן, ווי נביאים, ווי רעטער,
און רופן און וועקן צו נייקייט די וועלט.

טייכעלעך פליסן, און ס׳פליען די יאָרן —
אונדזערע יאָרן זיינען שווערע פאַרביי.
פון די יאָרן וועט פרייהייט ווערן געבאָרן,
און לידער — ווי פלאַמען, און פויסטן — ווי בליי.

# קינדערליד

איך מאַך נאָר אויף די אויגן,
לאַכט זיך מיר פון פרייד.
דאָס זונעלע, ער קושט מיך
צערטלעך־הייס, אָן רייד.

קוק איך ווו די זון איז —
כ׳זע מיין מאַמען גלייך.
ווי די זון מיין מאַמע,
העל, מיט ליבע לייכט.

און ווען עס קומט דער אָוונט,
קומט דער שלאָף שוין באַלד.
ס׳וויגט מיך איין דער ווינטל,
אַ שטערן — הויך אין וואַלד.

אַ לידעלע פון שטערן
קלינגט, איך הער זיך איין:
און ווידער זינגט מיין מאַמע,
שלעפערט זיס מיך איין.

## שניי, שניי...

שניי, שניי, שניי —
עס שיט אַ ווייסער שניי.
אַלע דעכער, אַלע וועגן
שוין באַדעקט מיט שניי.

מיט שליטלעך קינדער לויפן מונטער,
בעקלעך רויטע ברענען צונטער.
שניי, שניי, שניי —
עס שיט אַ ווייסער שניי.

ווינט, ווינט, ווינט —
וואָס טראָגסטו זיך געשווינט?
מיט ווילדן פּייפן טוט זיך דרייען,
אין הייכע בערגלעך, אין זאַווייען
ווערט פאַרשלעפּט דער שניי.

שטייען שליטלעך, שווייגן קינדער,
בעקלעך בלייכע, שטומען לידער —
ווינט, ווינט, ווינט —
וואָס טראָגסטו זיך געשווינט?

טריף, טריף, טריף —
אָן אויפהער רעגן טריפט.
ווייסע צאַרטקייט ווערט פאַרשווונדן,
שוואַרצע פלעקן, ווי די ווונדן,
דעם שניי צעפרעסט, ווי גיפט.

שטייען שליטלעך, שווייגן קינדער,
בעקלעך בלייכע, שטומען לידער —
טריף, טריף, טריף —
אָן אויפהער רעגן טריפט.

שניי, שניי, שניי —
אַ ווייסער שיט דער שניי.
אַלע שטיבער, אַלע וועגן,
אַלע גאַסן, אַלע שטעגן
שוין באַדעקט מיט שניי.

מיט שליטלעך קינדער לויפן מונטער,
בעקלעך רויטע ברענען צונטער,
שניי, שניי, שניי —
עס שיט אַ ווייסער שניי.

אין פינצטערניש פֿאַראַן איז ליכט



# א י ב ע ז ע צ ו נ ג ע ן

## פון שירים־בוך

# נצלבתי אל הכוכב האדום

מיר האָבן בכוונה איבערגעזעצט די קלענערע — 4 און 8 שורהדיקע — לידער, כדי אריינצו־געבן וואָס מער מוסטערן (לויט דער ריי אין בוך). אַלע לידער זיינען כאַראַקטעריסטיש פאַר די שטימונגען פון דיכטער. ביי יעדער ליד איז אָנגעגעבן דער אָריגינעלער טיטל.

פון עברית: ד. וו.

## אויך אין פינצטערניש פֿאַראַן איז ליכט

יש אור גם בחושך

אויך אין פינצטערניש פֿאַראַן איז ליכט, איז ליכט פֿאַראַן,
אויך אין טורמע פרייהייט איז פֿאַראַן, זי איז פֿאַראַן.
און זיבעציק מאָל זיבעציק געכפּלט איז דאָס ליכט.
און זיבעציק מאָל מער נאָך די פרייהייט איז אין דיר.
ווען מיט גיהנום־פּיין יאָך דריקט, ניט צו פֿאַרמיידן,
אין שפּאָט פון אלעמען — לאָמיר וויסן ווי צו ליידן.
ווייל שיין אין פינצטערניש — נאָר אין האַרצן זינגט,
און פרייהייט אין אַ טורמע — נאָר אין בלוט זי קלינגט.

# איך האָב געבענקט

אני התגעגעתי

(אַן אַרעסטאַנטן־ליד אין טייגע*)

כ׳האָב אזוי געבענקט צו ברייטקייטן פון פעלדער,
צום גראָז־ים, וואָס מיט סודות־בלי האָט מיך פארשווענקט.
לאָזט מיך פריי, גיט די פרייהייט מיר, די בלוי,
און כ׳וועל די וונדן מיינע וואַשן אינעם ליכט פון טוי.

*) אייביקע צפון־וועלדער.

# קאַווקאַז שפּרייט זיך פאַר מיינע פיס

קוקז משתרע לרגלי

קאַווקאַז שפּרייט זיך פאַר מיינע פיס : הערלעך, אומגעבויגן,
זיין ווייס־שנייאיקייט איז מיט שטאָלץ אינעם בלענד פאַרזויגן.
און איך שטיי שווייגיק, ווי די בערג אומבאַוועגלעך, אויף איין אָרט,
און טרינק די שיינקייט מיט אַן אומגעשטילטן דאָרשט.

## ביי נאַכט געקומען ביסט און אָנגעקלאַפּט אין טיר...

### באת ודפקת הלילה על הדלת...

ביי נאַכט געקומען ביסט און אָנגעקלאַפּט אין טיר,
און איך האָב ניט געעפנט, געווען איז זי פאַרשלאָסן.
איז אַוועק דער עכאָ־ציטער פון דיין טראָט־באַריר
און איך, מיט געשמידטע פיס, געבליבן בין פאַרלאָזן.

אַן עלנטער דורך גראַטע־פאָרטקע כ׳האָב ארויסגעבליקט
און געזען אַ בלום אַ פאַרביקע, ווי רעגן־בויגן,
מיט אַ טוי־טראָפּן אין פרימאָרגן־ווינטעלע צעוויגט.
איז ער ניט די לויטער־קלאָרע טרער פון מיינע אויגן?

## צי קען מען אַ ניגון פֿאַרברענען ?..

האפשר לשרוף פזמון ?..

צי קען מען פֿאַרברענען אַ ניגון, וואָס זינגט
אין דער טיפֿקייט פֿון האַרצן ?
פֿון פֿייער וועל איך אים ארויסציען מער נאָך צעבלינקט,
און אַ שמייסיקן, האַרטן.

ניט איין מאָל באַגראָבן ער ווערט, פֿאַרניכט און צעשייטערט
און ווידער עס לעבט באַנייט־אומצעטייליק.
אין אַש און אין שטויב ווערט ער געשליפֿן, געלייטערט,
ווי אַ הימן — געהייליקט.

## דער שקר אין אמת פֿאַרשטעלט

שקר בבגדי אמת

דעם דריטן מעת־לעת די באַן זיך באַוועגט,
אויס איז דער שניי און פֿאַרשווינדט.
ווי אַ פֿאַרוואָרגענע טרער אין האַלדז איז פֿאַרשטעקט —
אַ ווינטער מיט שניי וואָס צערינט.

ניט פֿרילינג, ניט ווינטער, ניט האַרבסטיקער דריזל,
ווי אַ מענטש וואָס לעבט אויף ניט־דאָאיקער וועלט.
אָ היט מיך, מיין גאָט, פֿון פֿרייהייט אויף שפּיזן,
פֿון שקר אין אמת פֿאַרשטעלט.

## צום אָדלער

לנשר

אָדלער, מיין אָדלער, צעשמעטער דעם קאָפּ פון מיין שלאַנג
און רייס אויס זיין גיפטיקע צונג.
כ׳וויל ווי דו פליען אַ פרייער און לאַנג.
באַגיטיק מיך מיט דיין פליגלשן שווונג.

אין הימלען בלויע, ווידער אומבאַזיגט,
ווי דער אמת, וואָס איז מורד,
וועל איך שוועבן ביז כ׳וועל פאַלן צוריק
ערגעץ אין מיין לאַנד, אויף מיין ערד.

# אַן אַנדער הימל האָט קאַווקאַז

רקיע אחר לקוקז

אַן אַנדער הימל האָט קאַווקאַז,
אַ בלויער שפּיגל קעגן ליכט־ים־קרייז,
ווי אויסגעהאַקט פון פעלדזיקן מאַסיוו
און אויסגעשלייפט פון פראָסט און אייז.

און דער מענטש דאָ אַנדערש איז, געוואַגטער,
און זיין גייסט — אַן אָדלער אויף דער פריי',
ווי פון פעלדזן־קאָנצענטראַט אַן אויסגעהאַקטער
און אויסגעשלייפט פון קעלט און אייז.

# האַלוצינאַציע...
הזיה...

פּאַר ש.

ביסט פּאַר מיר פּלוצלינג אויפגעשטיגן פון די ווייטע נעפּלען,
ווי פּאַר אַ בלינדן וואָס זיין בליק האָט ווידער אויפגעגליט.
וווּ ביסטו ביז איצט געווען? קליינטשיק בלימל מיטן רויטן קעפּל,
וואָס געוועלקט האָט ער אין יונגע יאָרן און איצטער ווידער בליט.

גוטע זיינען די קינדהייט־בלומען, וואָס געראָטן קומען ווידער אויף.
זיס איז דער היינט, ווייל הערלעך איז דער נעכטיקער געקלעטער,
געבענטשט איז אַ ביסל גליק, וואָס דערלעבט דעם טאָג צום סוף.
סוף אומוויכטיק איז, ווי אַ שערבל פון א בעכער וואָס צעשמעטערט.

## צוויי טויבן...
### שתי יונים...

(אין אַ שטאָטגאָרטן, וואָס איז געפלאַנצט אויף אַ בית־עולם)

צוויי טויבן זיינען צופליען געקומען און געהאָפּסלט פאַר מיינע פיס
צווישן פאַרגעלטע פאַלנדיקע בלעטער און פאַרדאַרטן גראָז,
אין זייערע שטומע שנעבעלעך ניט קיין בשורה, אוי־ווי מיר!
פיינלעך איז געווען זייער אומעטיקער בליק און מיט פאַרדראָס.

און כ׳האָב געוווסט: ניט דער האַרבסט האָט צעווייטיקט זייער זעל
און ניט דער ווינטער מיט פראָסט שטעכיקן אין זיינע ציינער.
דער אויף מענטשן־קברים געפלאַנצטער גאָרטן האָט זיי געקוועלט
און דאָס פאַרשווועכטע לעבן — אויף די קרוינען פון זיינעביימער.

# א י ב ע ר ז ע צ ו נ ג ע ן

## פון בוך דערציילונגען

## הסיפור הקצר על המוות הארוך

אויך דאָ האָבן מיר זיך געהאַלטן ביים כלל: איבערזעצן דערציילונגען און עפּיזאָדן, װאָס זאָלן מיט זייער סיפּור־המעשה און קװאַליטעט רעפלעקטירן די טראַגיק פון לעבן און טויט אין די סאָװעטישע לאַגערן.

פון עברית: ד. װ.

# אַ חנוכה־ליכטל אין קאָנצלאַגער

ווו האָב איך זיין פּנים געזען? — אַ דערשטוינטער בין איך געשטאַנען קעגנאיבער אַן אַלטן ארעסטאַנט, מיט אַ ביינערדיק פּנים אין וועלכן ס׳האָבן גע־שטעקט אַ פּאָר בלוי־גרינע אויגן וואָס האָבן געקוקט ארום זיך מיט אַ נאַאיווי־קייט, ווי פון אַ ווייטן חלום־לאַנד. ארום — רוסישע ארעסטאַנטן אין צע־קאָדערטע פאַרפוילטע קליידער, קריגן זיך אויף די העכסטע קולות און מיט די שמוציקסטע זידל־ווערטער. די קליידער פון דעם מאַן זיינען אויך געווען צעריסן און צעקראָכן. אָבער דאָס פּנים פון אַלטן, זיין פּנים...

ער איז געקומען מיטן נייעם „עטאַפּ״. ער וועט נאָר איבערנעכטיקן אין „אונדזער״ קאָנצלאַגער, ער וועט זיך אָפּרוען פון וועג און וועט מאָרגן אָפּגע־שיקט ווערן. איך בין אריין אין עטאַפּן־באַראַק מיט דער האָפענונג, אפשר וועט מיר צושפּילן מיין מזל און איך וועל אָנטרעפן אויף באַקאַנטע אָדער סתם יידן צי כ׳וועל הערן עפּעס נייעס פון די וואַנדערנדיקע אַרעסטאַנטן. ס׳קומט אויף אַ ברענענדיקע ליידנשאַפט צו וויסן וואָס עס טוט זיך דאָרטן אויף דער „פריי״. זי נעסט אין האַרצן פון אַרעסטאַנט און זיינע געדאַנקען שוועבן תמיד פון יענער זייט פון די עלעקטריזירטע דראָטענע צוימען, אין דער ברייטער וועלט פון הינטער דער טייגע

אין דרויסן איז געשטאַנען אַ פראָסט־צעגליטער דעצעמבער־טאָג פון אומגעהויערער קעלט. דער שניי האָט שאַרף געסקריפּעט אונטער די פיס פון ארעסטאַנטן ווי ס׳וואָלט רעוואָלטירט, געשריען און פּראָטעסטירט וואָס אַ לעבעדיק באַשעפעניש וואַגט נאָך צו שטערן די טויטע פאַרגליווערטקייט פון דער וועלט. און אינעווייניק, אין באַראַק, האָבן זיך ארומגעשלאָגן יונגע רו־סישע ארעסטאַנטן מיט אַן אַלץ וואַקסנדיקן געפּילדער צוליב אַ ראַציע ברויט וואָס איז ביי עמעצן צוגעגנבעט געוואָרן.

און דאָרטן האָב איך אים געזען. דער אַלטער איז רואיק געזעסן אויף זיין נאַרע, פאַרזונקען אין געדאַנקען און ער האָט אויסגעקוקט זייער מיד. מיט זיינע געציילטע ציינער האָט ער פאַרענדיקט קייען זיין ברויט־צוטייל, אָבער די „באַלאַנדע״ און די קאַשע האָט ער ניט געגעסן. זיי זיינען געשטאַנען לעבן אים און געדאַמפט. קעגנאיבער דעם אַלטן איז געשטאַנען אַן אויסגעמאָגער־

טער יונגער רוסישער אַרעסטאַנט. ער האָט זיין בליק ניט אראָפּגענומען פון אַלטן, ער האָט געקוקט מיט ברייט־אויפגעריסענע אויגן אויף זיין קייענדיק מויל, ווי אַ הונגעריקער הונט, וואָס קוקט ארויף צו זיין בעל־הבית וואָס עסט. דער אַלטער האָט אים אָנגעוווּנקען אז ער קען נעמען די קעסעלעך. און דער, ניט וואַרטנדיק אַ סעקונדע, האָט געכאַפּט די קעסעלעך, האָט אויסגעליידיקט שנעל זייער אינהאַלט, נוצנדיק דעם לעפל וואָס ער האָט געהאַלטן אָנגעגרייט אין האַנט, נאָר אויף אויסצוסקראָבען זייערע דעקן. ווען דער אַלטער האָט געענדיקט קייען זיין ברויט, האָבן זיינע ליפּן אָנגעהויבן עפּעס שעפּטשען. איך האָב פאַר־שטאַנען אז ער בענטשט אויפן עסן. און אזוי שטייענדיק פון ווייטן און אָב־סערווירנדיק קאָנצענטרירט דאָס מיר באַקאַנטע געזיכט פון אַלטן, וואָס האָט זיך דורכגעקוקט מיט „הויט און ביינער״ אונטער דאָס גרויסע ווינטער־היטל, האָב איך זיך פּלוצלינג דערמאָנט...

...דאָס איז געווען אין די ערשטע וואָכן נאָך דעם קריג־אויסברוך. דער צו מורמאַנסק זיך דערנענטערנדיקער פראָנט האָט געצוווּנגען די מאַכט אוועק־צונעמען דעם ריזיקן קאָנצלאַגער פון „בע־בע־קא״ וואָס האָט באַטייט: „ביע־לאָמאָרסקי־באַלטיסקי־קאַנאַל״. אין דעם קאָנצלאַגער מיט זיינע פיל אָפּצווייַ־גונגען אין קארלאָ־פינלאַנד זיינען געווען קאָנצענטרירט צענדליקער טויזנטער אַרעסטאַנטן, וועלכע האָבן געגראָבן דעם באַרימטן קאַנאַל, וואָס פאַראייניקט דעם ווייסן ים אין צפון מיטן באַלטישן ים. טויזנטער ארעסטאַנטן האָבן דאָרטן פאַרלוירן זייער לעבן אין בוי־צוזאַמענפאַלן און אומגליקפאַלן. עס זיינען גע־ווען טעג ווען צענדליקער, צענדליקער ארעסטאַנטן פלעגן זיך ניט אומקערן אין קאָנצלאַגער פון דער אַרבעט. אָן איבערטרייבונג האָבן די ארעסטאַנטן געטענהט, אז דער גאַנצער קאַנאַל איז געבויט אויף די ביינער פון מענטשן.. און אָט איז געקומען דאָס גרויסע צוריקטרעטן. פון די געדיכטע און פאַר־פלאָנטערטע קארלאָ־פינלענדישע וועלדער האָט מען אין גאַנצע שיכטן ארויס־געטריבן די ארעסטאַנטן און זיי געפירט צו די אייביקע וועלדער פון דער טייגע מיזרחדיק און צפון־מיזרחדיק פון ארכאַנגעלסק. מ׳האָט זיי געפירט צופוס. די וועכטער פון קאָנוואָי, פוסגייער און רייטער, האָבן ארומגערינגלט די רייען אַרעסטאַנטן און ניט דערלויבט ארויסגיין פון שורה אויף רעכטס אָדער אויף לינקס. מ׳איז געגאַנגען אין די נעכט צוליב דער שרעק פון די פיינדלעכע עראָפּלאַנען. אָבער דאָס איז געווען ארויסגעוואָרפן, ווייל די נעכט זיינען גע־ווען ווייס און אויסגעפּלייצט מיט ליכט. און די וועגן, זייטיקע שטעגלעך אין דער טייגע, האָבן אויפגעהויבן וואָלקנס שטויב, וואָס האָט אָנגעפילט די נאָז־לעכער, דאָס מויל, די אויגן און געשטיקט אין האַלדז. די צונג אין מויל איז געווען טרוקן ווי אַ ברעטל און דער דורשט האָט געברענט און געבראָטן. ווער

ס'איז געבליבן אויסגעשעפּט פון כוחות הינטער דעם פּאָרויס־מאַרשירנדיקן שיכט און האָט ניט געקענט נאָכהאַלטן — איז דערשאָסן געוואָרן דורכן קאָנ־וואָי. צווישן איין ציילונג און דער אַנדערער אויף די אָפּרו־פּלעצער פּלעגט דער קאָנוואָי וואָרענען די אַרעסטאַנטן, אז אזוי פיל און אזוי פיל זיינען דערהרגעט געוואָרן צוליב „זייער פּרווון אַנטלויפן"...

...אין דער ריי רעכטס פון מיר איז געגאַנגען ד"ר לעוויטאַן פון קאָוונע. פון מיין לינקער זייט — דער אַלטער ייד, וואָס זיצט דאָ. אַ לאַנגע ווייסע באָרד איז אראָפּגעפאַלן אויף זיין ברוסט. געווען איז ער נידעריק, מ'קען זאָגן קליין, איינגעטריקנט, לופטיק. דאָס גיין האָט אים ווי ניט באַשווערט. ער האָט זיך באַוועגט פּאָרויס מיט אזא לייכטע פלינקייט און קיין מאָל איז ער ניט געווען צווישן די אָפּשטייענדיקע. נישט אזוי איז אָבער געווען מיט ד"ר לעוויטאַן: אים איז זייער שווער געפאַלן דאָס גיין. אין איינעם אַ טאָג האָט געטראָפן דאָס אומגליק: ער האָט מיר אָנגעהויבן שטאַרק בעטן איך זאָל אים לאָזן „איבער־בלייבן". ער האָט מער קיין כוח ניט. אים איז אלץ איינס. זאָלן זיי פּארענדיקן מיט אים מיט איין קלאַפּ. אונדזער בעטן זיך, פון אַלטן און פון מיר, האָט ניט געהאָלפן. און אזוי האָבן מיר אלע אָנגעהויבן בלייבן הינטערשטעליק. מיר האָבן זיך שוין געפונען אין דער לעצט־מאַרשירנדיקער ריי. דער קאָנוואָי־מאַן האָט אָנגעשטעלט זיין ביקס און אונדז געוואָרנט ניט נאָכצובלייבן פון הינטן. אָבער ביי ד"ר לעוויטאַן האָבן זיך אויסגעלאָזן די כוחות. כ'האָב אים אָנגעלאָדן אויף מיינע פּלייצעס און געגאַנגען. די ערשטע מינוטן האָב איך זיך געוווּנ־דערט ווי לייכט ער איז. אָבער ווען איך בין ווייטער געגאַנגען האָב איך אָנ־געהויבן פילן די משא און ס'האָט לאַנג ניט געדויערט ביז אויך איך בין געווען צווישן די הינטערשטעליקע. איך האָב זיך איינגעבויגן, מיט די אויגן צו דער ערד און געגאַנגען פּאָרויס. אָבער ווי און פון וואנען די אויפמונטערנדיקע אויגן פון אַלטן האָבן אריינגעקוקט אין מיינע אויגן האָב איך ניט פאַרשטאַנען. ער איז געגאַנגען ביי מיין זייט, די גאַנצע צייט ביי מיין זייט. פון צייט צו צייט פלעג איך כאַפּן אַ בליק אין זיינע אויגן און זיין רחמנותדיקער קוק, וואָס פלעגט אויפשרייען מיט תפילה און ציטער פלעגט מאַכן לויפן מיינע וואַקלדיקע פיס. איך האָב צוזאמענגענומען מיינע לעצטע כוחות און לויפנדיק, מיט די לאַסט אויף מיינע אַקסלען, האָב איך דעריאָגט מיין צוריקגעשטאַנענקייט. און ווידער בין איך צוריקגעבליבן און ווידער בין איך געלאָפן פּאָרויס, ווי אַ באַזעסענער פון „אַמאָק", ביז כ'האָב פאַרלוירן מיין באַוווסטזיין. ווי לאַנג דאָס האָט גע־דויערט האָב איך ניט געדענקט אָבער ס'האָט פּאַסירט דער נס: די איינהייט האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף אָפּרו. דער וועג אין דער נאַכט איז געקומען צו אַן ענדע...

ווען כ׳האָב זיך אויפגעכאַפּט פון מיין אוממאַכט, האָב איך באמערקט דעם אַלטן, וואָס גיסט פון ווייל צו ווייל וואַסער אויף מיר און ד״ר לעוויטאַן. און ווען ד״ר לעוויטאַן האָט זיך אויך אויפגעכאַפּט פון זיין אוממאַכט, איז ער אוועק אין אַ זייט מיט זיין קליין זעקעלע, האָט ארויסגענומען זיין טלית און תפילין און זיך געשטעלט דאַוונען קעגנאיבער דער זון וואָס גייט אויף איבער די דרעמלענדיקע ביימער פון דער טייגע. און נאָר נאָכן דאַוונען האָט ער זיך צו־געזעצט צו צעקייען און עסן זיין אָרעמען ברויטצוטייל ניט אָנרירנדיק די זופּ פון באלאנדע און די קאַשע.

— רבי, „פּיקוח נפש״, הונגער, מען מעג אַלץ עסן. ניטאָ אזא זאַך ווי „טריפה״ אין אזעלכע צייטן

שטיל האָט ער זיך צוגעהערט צו די רייד, אָבער ער האָט געענטפערט דעצידירט:

— ניט שרעקלעך: פאַראַן ברויט און וואַסער. און „טריפה״ — חלילה וחס, בשום אופן ניט. „וקידשתם את שמי״ — שטייט געשריבן. און איך האָב זוכה געווען אַ קליין ביסעלע עס מקיים צו זיין, איז ווייל צו מיר פאַר דעם זכות, — אזוי פלעגט ער ענטפערן.

קיינער האָט זיין נאָמען ניט געוווסט און מ׳האָט זיך ניט געוואַגט אים צו פרעגן. „רבי״ — אזוי האָט מען אים גערופן. געווען איינער וואָס האָט דער־ציילט אז ער איז געווען דער מנהל פון דער ישיבה אין „מיר״. אנדערע האָבן געזאָגט — איינער פון די פירער אין וואָלאָזשינער ישיבה. אָבער קיין איינער האָט ניט געוווסט אויף זיכער ביז... אין איינער אַ נאַכט איז ער פאַרשוווּנדן געוואָרן צוזאַמען מיט איינער פון די שיכטן ארעסטאַנטן אין דער צייט פון די עטאַפּן...

און אָט איז ער ווידער. אָפּגעשוואַכט און אָן כוחות. אָבער עפּעס אַן ענ־דערונג איז אין זיין געזיכט. פּלוצלינג האָב איך אויפגעציטערט: מיין גאָט, ווו איז זיין באָרד?! ווען כ׳בין צו אים צוגעגאַנגען האָט ער מיר תיכף דער־קענט און האָט זיך שטאַרק געפרייט מיט דער באַגעגעניש. כ׳האָב נאָך ניט באַוויזן אים צו פרעגן אויף זיין געזונט, האָט ער שוין אָפּגעשטעלט מיינע רייד און זיך גענומען בעטן ביי מיר אז איך זאָל אים גיין געפינען אַ ביסל ברענאוויל און אַ קנייטל. היינט איז ערב חנוכה, ס׳ערשטע ליכטל און מ׳דאַרף בענטשן. איך קען אוודאי די מענטשן און די באַדינגונגען אויף אַן אָרט און ער איז דאָ פרעמד. אונטער דער צייט וועט ער דאַוונען מעריב. אין דרויסן איז שוין פינצטער. מ׳דאַרף זיך צואיילן.

איך בין געווען דערשטוינט. דער אַרעסטאַנט פון סאָוועטישן קאָנצלאַגער האָט אויפגעהערט ציילן די צייט. ער האָט קיין קאַלענדאַר ניט און קיין

זאָך ניט וואָס זאָל עס אים דערמאָנען. און צוליב וואָס זאָל ער עס ציילן? ס׳איז אים אַלץ איינס וואָס פאַר אַ דאַטע ס׳איז היינט און וואָס פאַר איינע ס׳וועט זיין מאָרגן. די טעג זיינען איינטאָניקע. דער ארעסטאַנט אין קאָנצלאַגער אונ־טערשיידט נאָר צווישן זומער און ווינטער, צווישן פרילינג און האַרבסט, אויך די בייזע נאַטור פון צפון מאַכט כמעט קיין אונטערשייד. און אַט דער מענטש מיט אויסגעשעפּטע כוחות ציילט פּעדאַנטיש די טעג און ווייס ניט נאָר ווען עס איז שבת, יום־טוב און ראש־חודש, ער ווייס אפילו ווען ס׳איז די צייט פון אָנהויב־שבת און ווען שבת איז אויס, כאָטש ניט ער און ניט קיין אַנדער ארעסטאַנט האָבן אַ וועלכן זייגער. איצט ווייס ער ווען מ׳דאַרף אָנצינדן דאָס ערשטע חנוכה־ליכטל! נאָך אַ גאַנצן טאָג גיין צופוס אָן אַ שיעור קילאָמעטערס אין אזא מאכטיקער קעלט מיטן „עטאַפּ״, געדענקט ער נאָך אז ער „מוז״ אָנ־צינדן אַ חנוכה־ליכטל. אָבער איידער איך בין אוועק זוכן אַ פלעשעלע אייל האָב איך זיך ניט איינגעהאַלטן און אים געפרעגט:

— רבי, די באָרד? ווי האָבן זיי געוואַגט?

— מיט גוואַלד, יעדער מאָל טוען זיי עס מיר ווידער. אין דער באָד. עטלעכע האַלטן מיך צו, און איינער גאָלט אָפּ. ער וועט מיר מוחל זיין, השם יתברך. — ער איז געוואָרן זייער אומעטיק און אויף זיין פּנים איז געלעגן דער אויסדרוק פון טיפן צער און ווייטיק.

ווען כ׳האָב זיך אומגעקערט מיטן אייל און קנויט, וואָס איך האָב געקראָגן פון באַראַק־דיזשורנעם אויף אַ „האַלבע שעה״, איז דער רב געשטאַנען אוז געדאַוונט. ער האָט געזאָגט די תפילות מיט כוונה, מיט געשלאָסענע אויגן. אַלע אַנדערע אַרעסטאַנטן זיינען שוין געלעגן אויסגעצויגן אויף די נאַרע־ברעטער און פאַרמאַטערטע געשלאָפן.

ווען ער האָט זיך אויסגעדרייט צו מיר נאָכן דאַוונען, האָבן זיינע אויגן אויפגעלויכטן פון פרייד. כ׳האָב אים געבראַכט פון אויוון אַ ברענענדיק שפּענדל. ער האָט אים גענומען פון מיין האַנט און געבענטשט צום אָנ־צינדן דאָס חנוכה־ליכטל. די „שהחיינו״ ברכה זיינע איז געווען זייער פייער־לעך. „מעוז צור״ האָבן מיר געזונגען צוזאַמען.

כ׳בין געזעסן און זיך צוגעקוקט צום פּיטשינקן פלעמעלע און געטראַכט וועגן די גבורות פון די מכבים און וועגן מכבי־גייסט פון דעם מאַן, וועלכער האָט אָנגעצונדן דאָס ליכטל אין אַזעלכע באַדינגונגען. דאָס כראָפּען פון די שלאָפנדיקע ארעסטאַנטן האָט נאָך מער פאַרטיפט די שטילקייט און די מחש־בות. אַ קעלט האָט זיך געשפּירט אין באַראַק, הגם ער איז די גאַנצע צייט געהייצט געוואָרן. כ׳האָב אויפגעזוכט פון מיינע געדאַנקען: וויפל צייט איז אריבער? איך האָב אַ בליק געוואָרפן צום אַלטן רב: ער האָט זיך אראָפּגע־

גליטשט אין דער ברייט פון דער נאַרע און איז פאַרזונקען אין שלאָף. כ׳האָב אים איינגעדעקט מיט זיין ביסל קאָדער עס זאָל אים וואַרעם זיין און זייער פּאָרזיכטיק האָב איך אוועקגענומען דאָס „מנורהלע״, האָב אויסגעלאָשן דאָס ליכט מיט הייליקן ציטער פון פּאַר דעם שלאָפנדיקן רבֿ.

אויף מאָרגן אין דער פרי האָב איך זיך געפּעדערט אויפצושטיין, כ׳האָב זיך צוגעאײַלט אָפּצועסן דעם פרישטיק און בין געלאָפן צום עטאַפּן־באַראַק זיך געזעגענען מיטן אַלטן רבֿ. איך האָב באַשלאָסן אים פרעגן ווי ער הייסט און פון וואַנען ער קומט. אָבער דער עטאַפּ איז שוין ניט געווען. אַ שפּראָץ אויף באַגינען, נאָך איידער מען וועקט די אַרעסטאַנטן אין קאָנצלאַגער, זיינען די אַרעסטאַנטן פון עטאַפּ ארויס אין דער פינצטערניש אויף זייער וועג. מיט זיי צוזאַמען איז אויך אוועק דער אַלטער רבֿ. און פון דאַן — האָב איך אים ניט געזען.

# אין אינגעווייד פון גיהנום

הונדערטער אַרעסטאַנטן זיינען מיר געלעגן אין בויך פון אַ ריזיקער באַרקע, וואָס איז געשווומען אויף אַן אומענדלעך גרויסע אָזערע. פינצטער. דאָ ווייס מען נישט ווען ס׳איז טאָג און ווען נאַכט. און וויפל טעג זיינען שוין פאַרביי? די מענטשן ליגן צוזאַמענגעשלאָסן איינער אין דעם אַנדערן. און אויב עמעצער וויל זיך איבערדרייען אויף דער צווייטער זייט, מוז ער זיך צו־זאַמענריידן מיט אַלעמען און דעמאָלט דרייט זיך איבער די גאַנצע ריי לויט אַ באַפעל. דער הונגער דערדריקט. די דאָרשטיקייט פייניקט נאָך מער. די לייז ווימלען און גריזשענען און צוליב דער ענגשאַפט איז אפילו ניטאָ די מעגלעכקייט זיך אויסצוקראַצן ווי ס׳באַדאַרף צו זיין. אָבער ערגער פון דעם אַלעם איז דער בויכווייטיק: פון וואַנען נעמט זיך דער שילשול? שטייען די אַרעסטאַנטן אין אָטשערעד צום „באַנוץ־פלאַץ״, און זייערע פיס טרעטן צווישן אַ:ן אויף קערפּערס צעלייגטע אויף דער ערד. די ריי איז אַ לאַנגע. די צייט ציט זיך אויס. מ׳קען זיך ניט איינהאַלטן: שילשול. און ס׳איז ניטאָ קיין רע־טונג, ניט פאַר די וועלכע שטייען אין אָטשערעד און ניט פאַר די וואָס ליגן אָוועקגעפאַלן... דער געשטאַנק רויבט צו דאָס לעצט ביסל לופט צום אָטעמען. עס שטיקט ביז אַ שוידערלעכער עקלדיקייט...

לעבן מיר ליגט אַ בחור פון אוקראַינע. יעקוב בראַוער. אַ יונגער אַרעס־טאַנט. ביים סוף פון דער מלחמה האָט מען אים „אָוועקגעזעצט״. כ׳האָב אים געפרעגט פאַר וואָס. ער ענטפערט ניט. שווייגט. איך דערצייל אים פאַר וואָס מ׳האָט מיך אָוועקגעזעצט, מיט בערך פיר יאָר צוריק. ער ציטערט אויף מיטן גאַנצן קערפּער און פרעגט פאַרוואונדערט: „און זיי האָבן געוווסט אַז דו ביסט אַ ייד? ווי אַזוי האָבן זיי עס געוווסט?״ כ׳ענטפער אים: „נישט נאָר וואָס כ׳האָב זיי דערציילט אַז איך בין אַ ייד, נאָר כ׳האָב אויך דערציילט ווי אַזוי איך האָב געוואָלט אויסלייזן דאָס דאָזיקע יידישע פאָלק״. ווידער לויפט אַדורך אַ ציטער דורך זיין קערפּער, וואָס איז ניט ווילנדיק צוגעפּרעסט צו מיינעם.

אין צווישן עפנט זיך די פאַרטקע אין דער הייכער סטעליע, אויפן דעק פון דער באַרקע. ס׳גיט אַ:נדז אַ פאַרפלייץ ליכט און פרישע לופט. דער קאָנוואָי רוקט דורך אַ קאָרב מיט די ברויט־צוטיילונגען. ער לאָזט אים אַרונטער אויף

אַ שטריק. אונטן נעמען אָפּ דאָס ברויט די „בלאַטארן", וועלכע האָבן זיך אויסגעשטעלט ארום דער פּאָרטקע. זיי עסן זיך אָן צו דער זאַט צוזאַמען מיט ראַציעס פון הערינג. דאָס וואַסער, וואָס ווערט ארונטערגעלאָזן, שטעלן זיי אויך אוועק לעבן זיך און טרינקען זיך אָן ביז פּילקייט. נאָך דעם גייען עטלעכע פון זיי און צעטיילן די רעשטלעך צווישן די „מוזשיקעס". איינער קריגט און דער אַנדערער בלייבט מיט ליידיקע הענט. און פאראַן אזעלכע וואָס באקומען צוויי מאָל. עטלעכע רופן צו הילף דעם קאָנוואָי פון דער הייך. דער אָבער גייט קיין מאָל ניט ארונטער צו די אַרעסטאַנטן. דער קאָנוואָי מישט זיך נישט און פירט ניט איין קיין אָרדענונג. די בלאַטאַרן וואָרענען אז עס זאָל זיין רואיק. אָן אַ שיעור קולות העלפן און חזרן איבער זייער יעדער וואָרט. „אזוי פיל בלאַטארן? אָדער אפשר זיינען עס די וואָס חנפענען זיי, כדי צו קריגן נאָך אַ שטיקל ברויט?" די פּאָרטקע אין דער סטעליע ווערט פארמאַכט. דער חושך שלינגט אַלץ איין. די אַרעסטאַנטן וויסן איצט אויף זיכער: ווער עס האָט ביז איצט ניט באַקומען עפּעס צום עסן, וועט ער שוין מער ניט באַקומען. געענדיקט מיט אויסטיילן דאָס עסן. און דאָס קאַלטע וואַסער (וואָס צוליב עפּעס רופט עס דער קאָנוואָי „קיפּיאטאָק" — „אויפגעקאָכטע", איז ווי ס'ווייזט אויס וואָלט עס יאָ געדאַרפט זיין אויפגעקאָכט) איז שוין אויך פאַרטיילט. עס שפּרייט זיך אַ שטילקייט. די מענטשן קריכן ווידער איינער איבער דעם אַנדערן אין זידלערייען שניידן מיט צאָרן און פאַרצווייפלונג די געדיכטע און פאַרשטיקטע לופט: ווידער שטעלט מען זיך אויס אין אַן אָטשערעד צום „באַנוץ־פּלאַץ". די איבעריקע ווילן איינדרעמלען און אין האַלב־שלאָף קראַצט מען זיך. יעקוב בראַוועד פרעגט זיך נאָך, אָבער וועגן זיך וויל ער גאָר ניט דערציילן. איך בין שוין אויך איינגעמאַטערט און כ'קען אפילו דאָס מויל ניט אויפמאַכן אויף צו לאָזן עפּעס הערן. אָבער די ריי אין די בלאטארן לאָזן ניט צורו. די לעצטע גייען זוכן „באַראַכלאָ" (שמאַטעס). זיי טראַמפּלען איבער די מענטשן און גע־פינען אַלע פּעקלעך און קלומיקעס ביי די אַרעסטאַנטן און זיי זוכן אין זיי. ניטאָ קיין ווידערשטאַנד.

נאָך אַ קורצע ווײַלע קלייבט זיך אָן אַ היפשער הויפן בגדים אין צענטער פון די בלאטארן אונטער דער פּאָרטקע פון דער סטעליע. עטלעכע פון זיי וואַרפן פון זיך אַראָפּ זייערע שמאַטעס און מען פּאַסט די גאַרניטערס און די ווייסע העמדער, וואָס מען האָט ערשט איצט אַוועקגעזלט פון די נייע אַרעס־טאַנטן. דורך די פּאָרטקע־שפּאַלטן אין דער סטעליע שפּאַרט אריין אַ שיטער ליכט און די אויגן, וואָס האָבן זיך שוין צוגעוווינט צום חושך, זעען דאָס אַלץ קלאָר. צוערשט מאַכן עס די עלטסטע בלאטארן, נאָך דעם באַפאַלן די בגדים זייערע געהילפן און די וואָס לעקן זיך צו זיי. אָנשטאָט דעם הויפן קליידער

קלייבן זיך אָן די שמאַטעס, וואָס די בלאַטארן נעמען זיי צוזאַמען און שטופּן אַריין אין די לעכער פון „באַנוץ־פּלאַץ" אין וואַסער אַראָפּ. ס'הייבט זיך אויף אַ מוראַדיקער געשריי: דאָס שטערט דער אָטשערעד, וואָס וואַרט אומגעדולדיק צוליב דעם שילשול... און אויך די מענטשן, וואָס די בלאַטארן טרעטן איבער זיי, שרייען. פון צענטער גרייכן דראָאונג־קולות, ווייטיק, פאַרביטערונג, פּראָטעסט און סתם אומגליק־גוואַלדן. די אַלע קולות מישן זיך אויס און ווערן פאַרוואַנדלט אין אַ פאַרטויבנדיקן גערויש, ווי דאָס געברום פון אַ ווולקאַן. און ווי אזוי די אַלע גוואַלד־געשרייען ווערן מיט איין מאָל איבערגעוואַנדלט אין איין געשריי, אין איין פאַרלאַנג, דאָס קען קיין מענטש ניט באַגרייפן. אָבער אַצינד האָט געדונערט איין שטים, אין אַ כאָר, פון דעם ערשטן „בלאַטאר" ביז דעם לעצטן „מוזשיק": אַ באָד! די גאַנצע פאַרביטערטקייט האָט זיך איצט געטראָגן צו דעם קאַנוואַי איבער דער סטעליע. כ'פיל, אז אויך איך שריי דאָס דאָזיקע וואָרט מיט באַנומענע קולות.

מיין שכן, יעקוב בראַוער, וואָס גיט זיך אָן פאַר אַן אוקראַאינישן יונגן מאַן, קאָרטשעט זיך ביי מיין זייט און בעט זיך מיט טרערן: „ניין, ניין! נאָר נישט קיין באָד!" איך טאַפּ אָן זיין פּנים און ס'איז טאַקע פייכט פון טרערן. זיין רוקן טרייסלט זיך פון פּחד. איך בין אין גאַנצן דערשטוינט: „אונדזער איינציקער ראַטונעק איז דאָך אַ באָד. די כינים, די ענגשאַפט, אַ ביסל פרישע לופט בעתן גיין אין באָד". אָבער ער ביי דאָס זייניקע: „נאָר ניט קיין באָד!" סוף־סוף עפנט זיך די פאָרטקע אין דער סטעליע. ס'גיט אַ דונער אַ זאַלפּ שיסערייען. דאָס איז אויבן. ס'ווערט שטיל. די שטים פון קאַנוואַי קלינגט קלאָר און רויִק: „אויב ס'וועט ניט אויפהערן דער טומל, וועלן בינטלעך פייער אָנהייבן רעגענען אין דעם הויפן קערפּערס". די פאָרטקע פאַרמאַכט זיך. אַ טיפע שטילקייט לייגט זיך אויס אין דעם אינגעווייד פון דער באַרקע. בלויז יעקוב בראַוער לעבן מיר זיפצט אָפּ מיט דערלייכטערונג און אפילו מיט צופרידנקייט. איך פרעג אים וועגן דער סיבה פון זיין צופרידנקייט און לאָז אים ניט אָפּ: „דערצייל, אויב דו ביסט נאָך ניט משוגע". צום סוף דערציילט מיר יעקוב בראַוער. ער באַשווערט מיר מיט שרעקלעכע שבועות אז כ'זאָל היטן זיין סוד, איך זאָל קיינעם אויף דער וועלט ניט אַנטפּלעקן זיינע רייד, וואָס זיינען אין תוך זייער קורץ. ממש אין אויער אריין פליסטערט מיר זיין שטימע, און אין יידיש — פלוצלינג אין אַ זאַפטיקן אוקראַאינישן יידיש — האָט ער מיר דערציילט זיין לעבן.

„איך בין אַ ייד, פאַרשטייסט? כ'בין אריינגעפאַלן מיט אַ גאַנצן פאָלק צו היטלערן אין פּלען. אַלע דווקא רוסן. אין איין און פערציק. לעבן סמאָלענסק. ארום דריי יאָר בין איך געווען ביי זיי. מיר האָבן געאַרבעט. איך בין אָנגע־

גאַנגען פֿאַר אַ רוס פֿאַר אַלצדינג. אפילו קיין איין רוס האָט ניט געוווסט אז כ׳בין ניט קיין רוס. און פון וואַנען זאָל וויסן דער דייטש, אז דער רוס האָט ניט געוווסט? אין איך האָב געלעבט. נאָר דאָס ערגסטע פון אַלץ איז געווען די באָד. די גאַנצע וואָך פלעג איך לעבן מיט דער שרעק. מיט דער צייט האָט זיך די שרעק פאַרוואַנדלט אין אַ געשפּענסט, וואָס איז געווען גרויליקער פון טויט אליין. יעדער מאָל וואָס עס איז מיר געלונגען זיך ארויסצודרייען זיך צו וויזן נאַקעט פאר די רוסן, האָט באַטייט — נאָך אַ וואָך לעבן, ביז צו דער קו־מענדיקער באָד. און נאָך דעם, ווען מיר זיינען באַפרייט געוואָרן דורך דעם רוסישן מיליטער, האָט אונדז געפּאָרשט אַן אוקראַינער. אלעמען האָט ער גע־פרעגט: „פאַר וואָס זייט איר אריינגעפאַלן אין פלען?“ און מיר האָט ער געזאָגט: „ווי אזוי ביסטו לעבן געבליבן און דו ביסט אַ ייד? אוודאי האָסטו שפּיאָנירט פאַר די היטלעריסטן. אַ טויט דיר“. פון וואַנען האָט ער מיר דער־קענט אז כ׳בין אַ ייד? צווישן רוסן רייד איך געוויס א גוטן אוקראַיניש, אָבער צווישן אוקראַינער... אָבער אראָפּלאָזן די הויזן האָט ער ניט באַפוילן. דאָס איז אים גאָר ניט איינגעפאַלן. און במשך לאַנגע וואָכן האָב איך זיך ניט מודה געווען און געקראָגן ווי אַלע אַנדערע נאָר „פאַר דעם פלען“ — אכט יאָר. פאַר אַ „ייד“ וואָלט איך באַקומען אַ קויל אָדער פינף און צוואַנציק יאָר — אין בעסטן פאַל. און איצט קענסטו פאַרשטיין וואָס עס מיינט פאַר מיר אַ באָד?!“

איך האָב עס גוט פאַרשטאַנען: אַלע זיינען מיר געווען אין אינגעווייד פון סאַמע גיהנום, אָבער יעקוב בראַווער איז געווען אונטער אונדז, אין זיין תהום.

# אין אַ צפונדיקער זומערנאַכט

אין ווייניקע מינוטן זיינען פאַרשוווּנדן די זומערדיקע היץ און דאָס ליכט פון טאָג. דער שטורעמווינט, וואָס האָט זיך פּלוצלינג אויפגעדרייט, האָט געבראַכט אויף זיינע פליגל אַ פינצטער־שוואַרצע כמאַרע פון וואָלקנס און אַ שמייסיקן רעגן מיט האָגל. די קעלט איז געשטיגן און זיך איינגעשניטן אין לייב. די אַרעסטאַנטן, וואָס האָבן גערוט נאָך אַ נאַכט פון צופוסיקן מאַרשירן מיטן „עטאַפּ", האָבן זיך אויפגעכאַפּט מחמת קעלט און פייכטקייט. זיי זיינען געשלאָפן אויפן גראָז פון אַ לאָנקע, הונדערט אויף הונדערט מעטער, וואָס איז געווען אָפּגערוקט אַ צוויי הונדערט שריט פון אַ ריזיקער אָזערע, וואָס האָט אויסגעקוקט ווי אַ ים, און צוויי הונדערט — פון אַ וואַלד, וואָס האָט איר ארומגענומען פון די איבעריקע דריי זייטן. אנשטאָט אַ פּאַרקאַן זיינען ארום דער לאָנקע אָנגעצויגן געוואָרן שטריק און זיי האָבן עס אָנגעצייכנט די „פאַרבאָטענע זאָנע". אַ טריט פון יענער זייט פון די אָנגעצויגענע שטריק — און דער אַרעסטאַנט איז דערשאָסן געוואָרן אָן אַ וואָרענונג, ווי אין פאַל פון אַנטלויפן.

און דערווייל האָט דער רעגן געשמיסן, דער האָגל, וואָס איז אין גאַנצן ניט צעגאַנגען, האָט געשלאָגן, און די נאַכט האָט זיך אראָפּגעלאָזט אָן דעם אָוונט־איבערגאַנג, און די אַרעסטאַנטן האָבן ניט געהאַט קיין אַנטרינונג פון דער קעלט. אפילו קיין קרוין פון אַ בוים, צי אָן אָנדייט אויף אַ שטיקל דאַך איז אין דער „זאָנע" נישט געווען. און ס'האָט שוין קיין כוח ניט געסטייעט ארומצושפּרינגען און ארומצולויפן, כדי זיך צו דערוואַרעמען. די פייכטע קעלט האָט געברענט און געשטאָכן מיט אַ שרעקלעכן ווייטיק.

און מיט אַ מאָל האָט זיך צעפלאַקערט אַ שייטער אין מיטן פון דער „זאָנע" פון קאָנצענטראַציע־לאַגער. ביים ליכט פון די פלאַמען האָט זיך געזען אַ גרויסער הויפן האָלץ. פון וואַנען קומט דאָס האָלץ? און דערווייל הערט מען דעם רוף פון שטימען: דער שייטער איז נאָר פאַר די „בלאַטארן". אַ קורצע קריגעריי און די „בלאַטארן" שטעלן זיך ארום ארום פייער: די מענטשן אין דער ערשטער ריי פון קרייז — זעצן זיך. אין דער צווייטער ריי — קניען זיי. אין דער דריטער — שטייען זיי. אין דער פערטער, שטייען זיי מיט די קעפּ אריינגערוקט אין די עפענונגען צווישן די מענטשן. עמעצער פרוווט דורכברעכן

דעם רינג: „ניט בלויז פאַר אייך אַליין!" נאָר דער גוף פון דעם דאָזיקן ווערט פּלוצלינג אויפגעהויבן איבער אַלעמענס קעפּ און ער ווערט אַריינגעשליידערט דירעקט אין פייער. ס'קומען שוידערלעכע געשרייען פון ווייטיק, וואָס שטייגן איבער דעם גערויש פון די ברומענדיקע כוואַליעס אין שטורעם. אַ שטים פון עמעצן באַפעלט: — די דאָזיקע פייכטע שמאַטע וועט אויסלעשן דאָס פייער. נעמט אים אַרונטער, צום טייוול!

און דער גוף פון אַן אומבאַקאַנטן אַרעסטאַנט פליט ווידער איבער די קעפּ אויף די אויסגעשטרעקטע הענט, און ער ווערט אַ שליידער געטאָן מיט אַ קנאַק צו דער ערד אויסער די פאַרצוימטע קרייזן אַרום דעם שייטער.

דער קאָנוואָי איז מיט זיי געגאַנגען אין וואַלד און האָט זיי דערלויבט צו ברענגען האָלץ. „שיקט אונדז אויך", שרייט אַן אַנדער אַרעסטאַנט ביי דער שטריק. — „גיט אונדז אַ קאָנוואָי און עטלעכע פון אונדז וועלן אויך גיין אין וואַלד און מיר וועלן ברענגען האָלץ".

— ניטאָ אין וואַלד קיין האָלץ פאַר אייך, „מוזשיקעס"*), ענטפערט דער קאָנוואָי.

אין מיר וועקט זיך און ריזלט אַן אומבאַהאָלפענער צאָרן. כ'גיי צו צו דער שטריק און שטעל זיך אַוועק מיטן פּנים צו דער אָזערע. קיין איינעם ניט פון קאָנוואָי און אויך ניט פון די אַרעסטאַנטן זעט מען נישט. דער שטורעם בלאָזט פון דער אָזערע. דער רעגן פּאַטשט גלייך אין געזיכט. און ס'איז ניט קיין וווּנדער אַז פון דער זייט פונעם וואַסער איז די שמירה ניט אזא שטרענגע: וווּהין קענסטו אַנטלויפן אין דער אַ שעה? צו דער צעשטורעמטער אָזערע? קעגנאיבער מיר איז פאַרשטאָפּטער חושך. דער מוראַדיקער רעש פון די כוואַליעס שלינגט איין דעם גאַנצן אַרום. ס'איז קאַלט ביז פאַרצווייפל. די מידקייט מאַכט נאָך שטאַרקער דעם ווילן זיך צו דערוואַרעמען, זיך אומקערן צו לעבן. אַמוויי־ניקסטן, וואָלט מען כאָטש ווידער אַרויס אין וועג; אפשר וואָלטן זיך די פּיס סוף־סוף דערוואַרעמט. אָבער דער קאָנוואָי האָט אָפּגעשטעלט דאָס ווייטער מאַר־שירן אין אזא וועטער. זיי שלאָפן איצטער אין זייערע באַקוועמע פּאַלאַטקעס, אין די שלאָפזעק און זיי בייטן זיך אויף די וואַכפּאָסטנס. און דאָרט אַרום צוויי הונדערט מעטער פון לאַגער אין דרום־זייט, אין וואַלד, פּונקט קעגנאיבער מיר, אין דער פאַרשלייערטער צעברומטער געדיכטעניש, קומט עפּעס פאַר, וואָס ציט צו מיין אויפמערק. אַ פייער צינדט זיך, דאָס פייער פלאַקערט זיך גאָר שנעל פונאַנדער צו אַ פלאַם, אַ שייטער. דאָס האָלץ ברענט. אַן איינציקע פרוי באַשעפטיקט זיך מיט אַ קעסל, וואָס זי הענגט אָן איבערן פייער. און מער איז

*) אַ זידלוואָרט פאַר די פּאָליטישע אַרעסטירטע.

דאָרטן קיינער ניטאָ. און דאָס איז גאָענץ צום ברעג. איך באַטראַכט דעם באַ־
לויכטענעם שטח און טייל אויס דעם שאָטן פון אַ שיפל, וואָס איז ארויסגע־
צויגן געוואָרן אויפן ברעג, ווי ס׳ווייזט אויס, צוליב דעם שטורעם. דאָס איז אָן
קיין ספק אַ ווייב פון אַ פישער. אַ ווײַלע שפּעטער וועט קומען איר מאַן, ער
וועט זיך צעלייגן לעבן פייער און וואַרטן ביז דער שטורעם וועט איבערגיין.
און דאַן וועט ער ארויס אויף פאַנג. און כ׳קען ניט ביישטיין אזא גוואַלדיקן
כוח וואָס ציט מיך. „און אויב מ׳וועט דערהרגענען? אַלץ איינס!" איך בייג
זיך אַרונטער אונטער דער שטריק און קריך ארויס. שטיל. כ׳קריך אויף דעם
אייז פון האַגל. וואַסער און אייז. די קעלט נעמט דורך ביז אַ משוגענעם ווײַ־
טיק. איבערהויפּט אי־נטער די נעגל פון די פינגער. ס׳גייט אַדורך אַ מינוט,
צוויי, זייער פיל מינוטן. און איך קריך. דער שייטער פון דער פּײַשערין איז
נאָך היפּש ווייט פון מיר. הינטער מיר — אַ גרויליקע פינצטערקייט, און אין
איר צענטער דער שייטער פון די בלאַטארן. די מענטשן שטייען אומבאַ־
וועגלעך צוזאַמענגעדריקט ארום אים. ווי סטאַטועס. און זיי פאַרשווינדן און
טויכן ווידער אויף פון דער פינצטערניש, ווי רויטע פאַרפרוירענע שדים אין
שיין פון די פייער־צונגען, וואָס שפּרינגען ארום אין שטורעם. שטיל: דער
קאָנוואָי האָט ני־ט באַמערקט. ס׳גייען אדורך נאָך עטלעכע מינוט, אַ סך מינוטן.
און איך קרי־ך ווייטער. די הענט און די פיס ווי זיי וואָלטן זיך אַ ביסל דער־
וואַרעמט. איך קלער: ווהין קריך איך? מ׳קען דאָך סיי ווי ניט אנטלויפן.
וואַסער. אַ שטורעם. אָבער איך דערווייטער זיך אַלץ מער פון לאַגער און
דערנענטער זיך צו דעם אויסלייזנדיקן שייטער. אויסלייזנדיקן? פאַר וואָס
אויסלייזנדיקן? — דאָס איז דער טויט. דאָס איז דעזערטאַציע און טויט. אָבער
אָן איינגעשפּאַרט און אומדערקלערלעך קול שרייט אין מיר: „אַלץ איינס!
צו דעם שייטער, זיך אָנוואַרעמען און נאָך דעם — איז נישט וויכטיק וואָס
ס׳וועט פאַסירן". דער שייטער גיט פּלוצלינג אַ וואַקס אויס פאַר מיר: איך
גלייב זיך אליין ניט אז כ׳האָב דערגרייכט. כ׳ליג אויף דער ערד, אין דעם
וואַסער און פיל שוין די וואַרעמקייט. די אַלטע פרוי, וואָס איז דאָ געזעסן
און צוגעלייגט האָלץ אי־נטער דעם קעסל, איז גאָר ניט געווען קיין אַלטע. איינ־
געוויקלט אין פּאַטשיילעס און טיכער האָט זי זיך מיר אויסגעוויזן פון דער
ווייט, אין דער טיפער פינצטערניש, ווי אַן אַלטע פרוי. און ס׳איז גאָר אַ יונג
מיידל, כמעט אַ קינד. אז זי דערזעט מיר טוט זי זיך אַ צאַפּל פאַר שרעק, איר
געזיכט ווערט מי־ט אַ בלאַסקייט פאַרגאָסן און אירע אויגן ברייטערן זיך אויס.
אָבער זי רירט זיך פון אָרט ניט, אַ פּנים כדי ניט צו ציען דעם אויפמערק פון
די וואָס קוקן זיך צו פון דער ווייט. איך זאָג איר, אז כ׳וויל זיך נאָר אָנוואַרעמען
און אַ טרונק טאָן אַ ביסל זודיק וואַסער. כ׳שטעל זיך אויף און זעץ זיך צו צום

פייער. זייער נאָענט צו די שפּרינגענדיקע פלאַמען. וואָס פאַר אַ וווּנדערלעכע וואַרעמקייט! אַ פּאַרע הייבט אָן אויפגיין פון מיינע בגדים. „כ'וועל זיך פון דאָ־נען ניט רירן וואָס עס זאָל ניט פּאַסירן". אויף מיין בקשה טראָגט זי מיר אונטער אַ טעפּל וואַרעם וואַסער: „ס'האָט נאָך ניט אויפגעקאָכט. אָבער טרינק שנעל. ניטאָ קיין צייט. נאָך אַ ווײַלע און זיי וועלן אונדז ביידן דערהרגענען". כ'בין אין גאַנצן פאַרווונדערט: „אונדז ביידן?" „יאָ, אונדז ביידן. מיט צוויי וואָכן צוריק האָט מען דאָ געשאָסן אויך מיין שוועסטער מיט נאָך איינעם אזא ווי דו. ס'איז אויך געווען א שטורעמדיקע נאַכט". זי האָט צו מיר אויסגעשטרעקט דאָס טעפּל מיט עטוואָס אַ ציטערדיק האַנט. אָבער פון וואַרעמען וואַסער פון טעפּל, וואָס איז פול געווען איבער די ברעגעס, האָט זיך קיין טראָפּן ניט פאַר־גאָסן. ביז צו יענעם טאָג האָב איך נאָך נישט געהאַט געטרונקען אזא דער־קוויקנדיק געטראַנק. כ'האָב אָבער נאָך ניט באַוויזן צו ענדיקן טרינקען און אַ געקלאַפּעריי פון עטלעכע קוילנוואַרפער־סעריעס האָט דורכגעשניטן די שטילקייט. „דאָ איז אונדזער סוף" — האָט זי געזאָגט און פון דעסטוועגן האָט זי באַהאַלטן דאָס אלומיניום טעפּל צוריק אויף זיין אָרט אין איר זעקל. בלויז אירע אויגן זיינען געוואָרן זייער גרויס, אָן אַ שיעור. כ'בין אויפגעשפּרונגען פון מיין אָרט: „א ו נ ד ז ע ר סוף?" איך יאָג אריין אין דעם חושך, לענגאויס דעם ברעג. אירע רייד יאָגן מיך נאָך מיט אומגעווײַנלעכער קלאָרקייט: „דו און איך וועלן בלייבן לעבן, אויב דו וועסט זיך אומקערן צום קאָנצלאַגער. איינס און צוויי. גיך־גיך, דו מוזט באַווייזן". איר שטים איז געווען זעלטן קינדיש און אַ דיבינקע. אָבער באַפּעלעריש און באַהערשעריש. מיט דער גאַנצער קראַפט פון מיינע פיס גיב איך זיך אַ יאָג צום קאָנצלאַגער, אין דער ריכטונג פון דעם צעפלאַקערטן שייטער און די מענטשן־רינגען וואָס זיינען באַלויכטן מיט זיין פייער. עטלעכע מאַשין־געווערן שטעפּן און ס'הערט זיך דער טריט־אָפּהילך פון די לויפנדיקע פּאָסטנס. איך באַוויז נאָך אריינצוכאַפּן זיך מיט אַ שפּרונג הינטער די שטריק, מיש זיך אויס מיט די אַרעסטאַנטן וואָס שלאָנדערן זיך ארום אונטער דעם רעגן און איך שטיי און קוק אריבער אין דער זייט פון שייטער צום ברעג: דאָס מיידל, וואָס האָט ווידער אויסגעזען ווי אַן אַלטע פרוי, איז געשטאַנען אומבאַוועגלעך מיטן פּנים צום לאַגער, ווי זי וואָלט גע־שטאַנען און געוואַרט אויפן קיילכל בליי וואָס האָט צוליב עפּעס פאַרשפּעטיקט און ניט געקומען...

...די גאַנצע נאַכט איז געשטאַנען דער גאַנצער אַרעסטאַנטן־אָפּטייל אויף די פיס און די וועכטער האָבן געציילט די מענטשן. ווען ס'האָט אָנגעהויבן טאָגן און דער רעגן האָט אויפגעהערט, האָט מען געבראַכט די הינט צו די אַרעס־טאַנטן, זיי זיינען ארומגעלאָפן צווישן די מענטשן און געשמעקט, אָבער זיי

האָבן קיינעם ניט דערקענט, ווי ס'ווייזט אויס, מחמת דער פּייכטקייט. מ'האָט אויך געבראַכט די יונגע פישעריך. זי איז אדורכגעגאַנגען צווישן די שורות און אריינגעקוקט אין יעדער פּנים. די וועכטער און די קאָנוואָיען זיינען איר נאָכ־געגאַנגען און געוואַרט אויף אירס אַ פּיפּס. אָבער זי האָט ניט דערקענט דעם ביינאַכטיקן דעזערטיר. ווען די בליקן אונדזערע האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן, האָבן זיך אירע אויגן עטוואָס א־יסגעברייטערט, אָבער שוין ניט אזוי ווי אין דער נאַכט. אנדערש, אין גאַנצן אַנדערש און ערגעץ־דאָרט אין זייער טיף האָט געטאַנצט אַ פריינדלעכער שמייכל. און דאָס איז נאָר געווען אַ טייל פון אַ סעקונדע. און גלייך דערנאָך איז איר פּנים פאַרשטיינערט געוואָרן ווידער און אירע אויגן האָבן געקוקט קאַלט און פרעמד. אָבער וואָס איז דאָס: אין דער נאַכט זיינען די זעלבע אויגן געווען שטאַרק שוואַרץ און אומעטיק, און איצטער, אינעם ליכט פון דער אויפגייענדיקער זומערזון, זיינען די אויגן געווען ברוין, קאַשטאַניק און צעלויכטן...

# אַ פרוי אין קאָנצלאַגער

צפון־מיזרחדיק פון אַרכאַנגעלסק. די אייביקע וועלדער פון דער „טייגע״ שפּרייטן זיך אָן אַ סוף און אָן אַ גרענעץ. אַן אַ ק ק ע אַ ן פון יאָדלע־ און סאָסנע־ביימער. אָבער דאָס רוב יאָדלע. אָן אַ האַק אין האַנט איז בכלל ניט מעגלעך פאַר אַ מענטשן זיך צו באַוועגן און פאָרויסגיין אין דער צעוואַקסענער געדיכטעניש. די אַלטע יאָדלעס, די שלאַנקע און דיקע, זיינען טאַקע ניט באַדעקט מיט צווייגן „פון פוס ביז צום קאָפּ״. אַרום צוויי מעטער פון דער ערד זיינען די צווייגן שוין אויסגעטריקנט און די שטאַמען האָבן זיי אַראָפּגעשאָקלט און זיי, די דאָזיקע שטאַמען, גרויען גלאַטע און אפילו — בלישטשען. אָבער זייער נאָענט לעבן זיי, איינע ביי די אַנדערע, וואַקסן אין אַ גרין־שטילן געדויש יונגע און גאָר יונגיטשקע יאָדלעס אין די הונדערטער און טויזנטער אָן אַ ליידיקן שפּאַן ערד צווישן זיי. און די זיינען באַשאָטן מיט לאַנגע נאָדל־צווייגן און זעען אויס ווי קליינע און גרעסערע פּיראַמידעס, אַלץ לויטן עלטער, וואָס גרינען מיט אַ גלאַנציקן טונקל־גרין אַ קיילעכדיק יאָר. און דער ביימער־אונטערשניידער האַקט, שניידט און קלאַפּט אַרונטער אַלץ לויט דעם גאַנג זיינעם פאָרויס: אָנהייבנדיק פון יינגסטן, פון קלענסטן, און פאַרענדיקנדיק מיט די גרויסע און אַלטע ביימער: אַ גראָזיק־גריינער גרונט שפּרייט זיך הינטער די ביימער־אונטערשניידער, אויב מ׳זאָל ניט וועלן באַמערקן די קליינע און גרויסע פּניאָקעס וואָס סטאַרטשען אַרויס עקשנותדיק פון אונטער דעם גרינעם מאָך, דער גרוילעכן, דעם רויטלעכן, געלן, ראָזן און שוואַרצן, אַלע צוזאַמען, ווי אַ וווּנדערלעכער ווייכער און טיפער טעפּיך, וואָס זאַפּט איין די טריט און זייער געוויש. נאָר די אויסגעטריקנטע וויטשקעס אונטער די פיס ברעכן זיך און „פאַרמסרן״ מיט גרויס געשריי וועגן דעם זיך דערנענטערנדיקן מענטש אָדער חיה...

און אין דער דאָזיקער ט ײ ג ע, ווי אָפּגעזונדערטע אינדזלען, קאָנצלאַגערן אָן אַ סוף און אָן אַן עק. און צענדליקער טויזנטער מענטשן זיינען אין זיי פאַרשפּאַרט, פאַרהאַקט און פאַרשלאָסן פאַר אַ סך, אַ סך יאָרן. מענער באַזונדער און פרויען באַזונדער. און די מענער האָבן נאָך אפילו דעמאָלט ניט געוווסט אז פרויען קאָנצלאַגערן זיינען אויך פאַראַן. און בכלל: לאַנגע, גאָר

לאַנגע יאָרן האָבן זיי שוין ניט געזען אַ פּרויען־פּנים. אַזאַ איז נאָר געבליבן אין זכּרון ווי דער ס י מ ב אָ ל פון דער מוטער, די פרוי, די טאָכטער אָדער דאָס געליבטע מיידל פון גאָר ווייטע און אומוואָרהאַפטיקע טעג, ווי אַ יוגנט־מעשהלע, וואָס איז פאַרפלויגן, פאַרשוווּנדן, ווייל דאָס איז פון זיי אַכזריותדיק צוגערויבט געוואָרן צוזאַמען מיט זייער פרייהייט.

ווען זיינען אויפגעקומען די פרויען־קאָנצלאַגערן לעבן די פון די מענער געדענק איך ניט. אָבער די און אויך יענע זיינען געווען באַזונדער, און איינע די אַנדערע האָבן זיי געזען פון ווייטן און די בענקשאַפטן איינער צום אַנדערן זיינען געוואַקסן זיבן מאָל שטאַרקער. און ווען האָבן אָנגעהויבן אין די מענערישע קאָנצלאַגערן אריינקומען פרויען — און דאָס אויך ניט צוזאַמען, נאָר אין אָפּגעזונדערטע באַראַקן, בלויז ביי דער אַרבעט און אין דער צייט פון די „באַלאַנדעס״ זיינען זיי יאָ געווען צוזאַמען — דאָס אַלץ געדענק איך ניט אויף זיכער. אָבער ו ו ע ן און ו ו י איך האָב געזען די ע ר ש ט ע פרוי נאָך לאַנגע־לאַנגע איינזאַמע יאָרן אין קאָנצלאַגערן פאַר מענער, ווי זי גייט זיך איבער דעם אָפענעם פּלאַץ און אַלץ וואָס עס פּאַסירט איר — אָט דאָס וועל איך תּמיד געדענקען, מיין גאַנץ לעבן.

דאָס איז געווען אין אַ פאַרנאַכט פון אַ זומערטאָג. לאַנגע שאָטנס פון די טורעמס פון די וועכטער און פון די הילצערנע באַראַקן האָבן זיך קילע און שוואַרצע געשפּרייט. די לופט איז געוואָרן מער קילבלעך און אָפּפרישנדיק. די וואָלקנס קאָמאַרעס, פליגעלעך און מאָסקיטן האָבן אַזוי דאַקוטשעט, אַז עס איז ניט מעגלעך געווען אויפצוהייבן, אפילו פאַר אַ מינוטקעלע, דעם שלייער פון איבערן פּנים, וואָס איז געווען אויסגעפלאָכטן פון די האָר פון פערדישע עקן. פון דעסטוועגן האָט די קילקייט פון דעם פאַר נאַכט ארויסגעמאַניעט די אַרעסטאַנטן אין דרויסן און די מענגעס וואַנצן, וואָס האָבן געווימלט קופּעסווייז אויף די ווענט און דעם סופיט פון די באַראַקן, האָבן אָן ספק צוגעהאָלפן צו דעם. די זון האָט מער ניט געסמאַליעט. די מענטשן זיינען געזעסן אָדער געלעגן אויף דעם גראָז פאַר די באַראַקן און האָבן זיך גערוט פון דעם לאַנגן קאַטאָרזשנעם טאָג ביים שניידן דיביימער פון וואַלד איין דער צעפלאָנטערטער טייגע, וואָס האָט זיך אויף צענדליקער קילאָמעטער אַלץ מער דערווייטערט פון קאָנצלאַגער. אַן אָפּגעהאַקטער שמועס, פאַראיינצלטע ווערטער פלעגן פון צייט צו צייט אויפקומען און פאַרזינקען אין דער שטילקייט. ווי דער שלאָג פון אַ האַק אויפן בוים אין זייער מידע הענט. אלעמענס אויגן זיינען געווען אָנגעהאנגען אויף דער זון, וואָס האָט זיך געגליטשט צו א ווייטן ים פון גרינע גאָלד־ברענענדיקע קרוינען אין פייער פון דער שקיעה. די שטילקייט פון אַ פייערלעכער שטומקייט האָט זיך געשפּרייט פון וואַלד־צו־וואַלד און

צווישן זיי דער קאָנצלאַגער און זיינע באַראַקן און זיינע בידנע מענטשן, די אָרעמע און באַליידיקטע, די מוטלאָזע ווי זשוקעלעך, וואָס קרייזן אין גאַנצע וואָלקנס מיט זייער מאָנאָטאָנעם אומעטיק־אומענדלעכן געזשום. אַ שלאָף פאַלט אויף יעדער ברעם און ווייטע טרוימען הייבן זיך אָן וועבן, וועבן זיך און רייסן זיך איבער...

און פלוצלינג עפּעס אומגעווייינלעכס! אַלע קעפּ גיבן זיך אַ דריי פון די באַגילדטע קרוינען פון דער טייגע צו... דער וואַכטע (די איינגאַנג־און־ארויס־גאַנג־בודע פון קאָנצלאַגער ביי דעם איינציקן טויער). פאַר די אויגן פון אַלע אַרעסטאַנטן איז ווי אַראָפּגעפאַלן פון הימל, טאַקע ניט קיין מלאך מיט בלענ־דיקע פליגל און אַ צאַרט פנימל, נאָר אַ פ ר ו י. זי איז געשטאַנען אויף דער שוועל פון דער וואַכטע אָן קיין שלייער צו פאַרהיטן פון די קאַמאַרעס, איינע, אַליין, אָן קיין באַגלייטער, רואיק, מיט אַ דינער טאַליע, שלאַנק, הייך, זיכער אין זיך. אויף אירע פיס — קליינע שטיוועלעך. אויף איר לייב — אַ קורצער לעדער־מאַנטל, געל און גלאַנציק. איר קלייד אויך קורץ ביז די קני. און ס'האָט אויסגעזען ווי זי וואָלט זיך בכלל ניט אינטערעסירט און ניט געזען די מאַסע אַרעסטאַנטן וואָס שטעלן זיך אויף איינציקווייז פון זייערע ערטער, ווי זיי וואָלטן איר צוטיילן כבוד. זיי זיינען געשטאַנען פאַרכישופטע, ווי זיי וואָלטן דערזען אַ פאַרצייטיקע געטין, וואָס האָט צו זיי אַראָפּגענידערט פון אירע הייכן. די געזיכטער פון די אַרעסטאַנטן, און אפילו פון די וואָס זיינען תמיד געווען אָנגעבייזערט און פול מיט אומעט, האָבן אויפגעלויכטן מיט אַ לייכט שמייכעלע. זיי האָבן פאַרגעסן זייער פאַרשפאַרטע וועלט, די פאַרמאַטערטקייט איז מיט אַ מאָל פאַרשוואונדן, דער בראַנדיקער הונגער האָט אויפגעהערט זיי פרעסן. זיי זיינען געשטאַנען אין זייערע צעריסענע און פאַרפוילטע טראַנטעס און באַ־גלייט מיט בענקשאַפט און פאַרערונג די פרוי וואָס גייט פאַרביי זיי טויזנטער מאָל שענער און הערלעכער ווי זי איז געווען אין דער אמתן...

און דערווייל האָט די פרוי, באַשיידן און רואיק, פאָרגעזעצט איר גאַנג אין דער ריכטונג פון דער קאַנצעלאַריע פון דעם קאָמאַנדיר פון קאָנצלאַגער. און ס'האָט זיך געדוכט די אַרעסטאַנטן, אַז איטלעך טראָט אירער באַרירט אין גאַנצן ניט די ערד; אַז זי פלאַטערט אַ פשוטע און דערהייבענע צוזאַמען.

אָבער וואָס האָט דאָ פאַסירט? די באַשיידענע און שטילע פרוי איז מיט איין מאָל פאַרשוואונדן: זי האָט זיך פלוצלינג אויסגעגלייכט, האָט שטאָלץ אויפגעהייבן איר קאָפּ, זי האָט זיך ארומגעקוקט אין דער זייט פון די פאַרגאַפטע אַרעסטאַנטן און אַ טייוולשער שמייכל האָט אָנגעהויבן שפּילן מיט בייסיקער איראָניע אויף אירע דינע ליפּן, אָפּגעפאַרבטע מיט אַ זאַפטיקן רויט. זי האָט דערפילט, ווי ס'ווייזט אויס, איר מעכטיק־אַטראַקטיווע קראַפט וואָס אונטער־

טעניקט. ווי אַ הערשערישע און דעספּאָטישע קיניגין האָט זי אַ פלי געטאָן מיט איר בליק, מיט גראַציע, מיט שטרענגקייט און שיקאַנעריי. אין דער פּאַר־גליווערטער שטילקייט האָט זיך דערהערט דער פאַראייניצלטער און קלאָרער געשריי פון איינעם פון די אַרעסטאַנטן. ער איז געווען פול מיט שטוינונג און עקזאלטאציע צוזאַמען.

— וועלפין!

און אין דער אמתן האָט די פרוי איצט אויסגעזען ווי אַ וועלפין, וואָס יאָגט אין שפּיץ פון אַ סטייע וועלף אין די ברייטע אומסופיקע סטעפּעס, באַדעקטע מיט אַ ווייס־צעשייניקטן שניי אין די צעזילבערטע לבנה־נעכט, און הינטער איר — אַ מאַסע זכרים־וועלף אויסגעהונגערטע נאָך ליבע יאָגן זיך משוגענער־ווייז, קעמפן און בייסן זיך ביז בלוט גיסט זיך און יעדער איינער וואַרט מסתמא אויף איר חסד און איז גרייט יעדע ווײַלע פון ס׳ניי צו צערייסן אויף שטיקער דעם צווייטן וואָלף, דעם דריטן, דעם פערטן פון זיינע ריוואַלן־קעגנערס. און אויך די וועלפין־פרוי פילט עס איצט, און דאָס אומפארשטענדיקע און מיסטע־ריעזע גליק צו ווערן דער צענטער און די סיבה פון אַ קריג פילט איר אָן מיט שטאָלץ. נישט געקוקט אויף דער גרויליקער סכנה צעריסן און צעפליקט צו ווערן אין דער דאָזיקער חיהשער צאַנקעריי. און אירע אויגן צינדן זיך אָן מיט מאָדנעם ליכט און איר בלאָנדזשענדיקער ב ל י ק זוכט אין די פרצופים פון די אַרעסטאַנטן די אַנדערע ברענענדיקע אויגן ביז זי באַגעגנט זיי...

אָבער דאָס זיינען ניט געווען די בליקן פון דער מערהייט אַרעסטאַנטן, וואָס זיינען געשטאַנען רואיק, אָבער פארכאַפּט פון אַ גרויס וואונדער. זיי זיינען גע־ווען צו פיל הונגעריק, צו פיל אויסגעשעפּט, שוואַך, איינגעשלאָגן פון ייאוש און צעקלאַפּט פון גורל, אז זיי זאָלן קענען פאַרוואַנדלט ווערן אין... וועלף.

דאָס זיינען אָבער געווען די בליקן פון די „בלאַטערן", וועלכע זיינען גע־שטאַנען געדיכט צוזאַמענגעדריקט ביי זייער באַראַק. זייערע אָנגעשפּאַנטע קערפּערס, וואָס האָבן ניט געוווסט וואָס הונגער און שוואַכקייט איז, האָבן זיך פלוצלינג צוזאַמענגעדריקט ארום זייער פירער, „דער קייסער פון די בלאַ־טערן", מיכאַאיל גריגאָריעוו, וועלכער האָט צוזאמענגערופן זיינע אלע „אונ־טערהעלפער" ארום זיך. איך האָב געזען זיין פּנים און זיינע אויגן און האָב זיך דערמאָנט אָן דעם זעלבן גריגאָריעוו בשייכות מיט אַן אַנדער געשעעניש מיט עטלעכע וואָכן צוריק. אזוי איז ער אויך געשטאַנען ארומגערינגלט מיט זיינע מענטשן, ווען אין קאָנצלאַגער האָט זיך פלוצלינג אריינגעריסן פון דרויסן פון הינטער די דראָטן דער ריזיקער וואַכהונט און אָנגעהויבן ארומיאָגן צווישן די אַרעסטאַנטן, שמעקן און זוכן. דאן איז געגעבן געוואָרן אַ באַפעל נאָר מיט אַ האַנט־אויפהייב, אָן קיין שום וואָרט. אַ קורצע ווײַלע שפּעטער איז

דער כלב פאַרשווונדן און אין אָונט איז אַן אָנגענומער געדוך פון פלייש וואָס קאָכט זיך אויפגעגאַנגען פון דעם בעראק פון די בלאָטערן.

און איצט, ווי דעמאָלט, איז געשטאַנען גריגאָריעוו הייך און שטרענג און מיט ברענענדיקע אויגן האָט ער נאָכגעפאָלגט די פרוי. ווען זיין בליק האָט זיך צוזאַמענגעטראָפן מיט אירן, האָט ער אויפגעהייבן זיין האַנט מיט דער זעלבער באַוועגונג, ווי דאַן ווען ער האָט באַפוילן אומצוברענגען דעם הונט. נאָר איצטער האָט ער נאָך צוגעגעבן זייער קלאָר עטלעכע ווערטער:

— איר ברענגען צו מיר! די אַנדערע — לויט דער ריי!...

מיט עטלעכע שפרונגען זיינען די בלאָטערן געווען לעבן דער פרוי. זיי האָבן איר ארומגערינגלט ווי רויב־חיות און אין אַ רגע זיינען די מענטשן צו־זאַמען מיט איר פארשווונדן אין באַראַק, בעת זי איז ארייגעטראָגן געוואָרן אויף זייערע הענט. זי האָט אפילו ניט באַוויזן ארויסצוברענגען אַ פּיפּס פון איר מויל. דאָס צוזעענדיק האָבן די וואַכפּאָסטנס אויף די טורעמס אָנגעהויבן שיסן פון די קוילן־וואַרפערס פון אַלע פיר ווינקלען פון קאָנצלאַגער. זיי האָבן געשאָסן אין דער לופט, געשריען און געריטשעט אויף די העכסטע קולות:

— וואָס טוט איר, משוגעים? זי איז דאָך די ווייב פון קאָמאַנדיר פון קאָנצלאַגער!

— לאָזט איר גיין! זי גייט אין אַ שליחות פון איר מאַן!

איינער פון גריגאָריעווס „אַדיוטאַנטן” איז ארויס פון באַראַק און אַ ווייע געטאָן מיט אַ ווייס טיכעלע אין זיין אויפגעהייבענער האַנט צו דער זייט פון די וואַכטורעמס. אין זעלבן מאָמענט האָט זיך געעפנט די טיר פון דער „וואַכ־טע” און עטלעכע באַוואָפנטע פּאָסטנס האָבן זיך ארייגעריסן אין קאָנצלאַגער. אויך זיי האָבן זיך פאַרהאַלטן און צוגעהערט צו די רייד פון אַרעסטאַנט מיט דעם ווייסן טיכל. זייערע געווערן זיינען געווען אָנגעשטעלט צום שיסן.

און אין דער זעלבער צייט האָט דער אַרעסטאַנט געלאָזט הערן זיינע רייד:

— אכטונג! אויב נאָך איין שאָס וועט געגעבן ווערן צו דער זייט פון קאָנצלאַגער אָדער איינער פון די פּאָסטנס וועט פארבלייבן אויפן פּלאַץ מער ווי דריי מינוט, וועט די פרוי גלייך ג ע ט ו י ט ווערן. נאָר אין פאַל פון אויס־פירן דעם באַדינג, וועט די פרוי אייך צוריקגעגעבן ווערן אין אַ קורצע צייט ארום אַ לעבעדיקע. און פאַר דעם ווערט געגעבן אַ בלאָטערישער ערנוואָרט.

ס׳האָט זיך אויסגעלייגט אַ שווערע שטילקייט. דער אַרעסטאַנט איז אין איילעניש נעלם געוואָרן אין באַראַק. די באַוואָפנטע וואַכפּאָסטנס זיינען נאָך אַ ווײַלע געשטאַנען און זיך שטיל באַראַטן צווישן זיך. נאָך דעם האָבן זיי זיך אויסגעדרייט און גלייך פאַרלאָזן דעם קאָנצלאַגער...

...טיף איז דער שלאָף פון אַן ארעסטאַנט נאָך אַ קאַטאָרזשנעם ארבעטס־

טאָג אין וואַלד. אין זיין שלאָף הערט ער ניט, ניט ווען מ׳רעדט און ניט ווען מ׳זינגט. ער וועט זיך אפילו ניט אויפכאַפּן פון אַ פּלוצימדיקן טומל, וואָס עס וועלן מאַכן עטלעכע זיך אַמפּערנדיקע אַרעסטאַנטן, און אפילו אין אַ געשלעג ווו ס׳פליען קלעפּ וועט ער אויך זיין פאַרזונקען אין שלאָף און ס׳וועט עס אים ניט אַרן. נאָר אין איין איינציקן פאַל כאַפּט זיך אַן ארעסטאַנט אויף: ביים קלאַנג פון קלעפּ אויף דעם אייזערנעם שטאַנג, וואָס הענגט, דאָס רוב, לעבן דער וואכטע. די קלאַנגען, נאָר זיי, וועקן די ארעסטאַנטן אויפצושטיין אין פרימאָרגן. אָבער איך האָב זיך איבערגעוועקט יענע נאַכט עטלעכע מאָל. כ׳בין געשלאָפן, מחמת די וואַנצן, אין דרויסן ניט ווייט פון דעם באַראַק פון די בלאָטערן. ארום מיר זיינען מידע געשלאָפן צענדליקער ארעסטאַנטן. ווען איך האָב אויפגעוואַכט דעם ערשטן און צווייטן מאָל, האָב איך ניט אונטערשיידט די אומקלאָרע קולות, וואָס זיינען דערגאַנגען פון באַראַק. דאָס אומפארשטילטע געפיל וועגן אַן אומגליק וואָס עס פּאַסירט איצט צו עמעצן ניט ווייט פון דאַנען, האָט ביי מיר אוועקגערויבט די רו. אָבער צום דריטן מאָל האָב איך אין דער שטילקייט די שטימען געהערט קלאָר, דין, ווי דאָס געהויל פון אַן אומבאַהאָלפן עופעלע אין די ווערגנדיקע אָרעמס פון אַ גרויזאַמען טויט וואָס פון אים איז קיין ראַטונעק ניטאָ. דער אָ געיאָמער איז געווען דאָס צעריסענע געזאַנג פון אַ פרוי. און אז איר שטים איז פאַרשטילט געוואָרן, פלעגט אויפדונערן די באַפעלעריש און האַמערנדיקע שטים פון גריגאָריעוון:

— פאָרזעצן דאָס זינגען, דו הערסט? די ריי איז ניט געענדיקט! דעם „אינטערנאַציאָנאַל״!

און אַ פאַרשטיקטע אין טרערן פרויען־שטימע, ווי די שטים פון אַ צעפליאנכעט וויינענדיק קינד, דורכגענומען פון שרעקלעכן פחד און פארצווייפלונג, רייסט זיך איבער, זינקט און קומט ווידער אויף ווי דאָס גוואַלדגעשריי פון אוממענטשלעכע יסורים, אָבער ניט פאַר הילף, ווייל זיכער איז דאָס קול וואָס שרייט, אז די הילף איז ווייט און וועט ניט קומען... און די גאַנצע צעשריגענע און ברומענדיקע שטים גיסט זיך צוזאַמען ביסלעכווייז און ווערט פארוואנדלט אין ניגון פון „אינטערנאַציאָנאַל״ אין דער ווייסער שטילער צפון־נאַכט, אין דעם געכראָפּ פון די ארעסטאַנטן וואָס שלאָפן ארום מיר.

מער בין איך ניט אַנטשלאָפן געוואָרן. אַ ווײַלע שפּעטער האָב איך געזען די פרוי ארויסגיין ווי אַ שיכורע פון דעם באַראַק פון די בלאטערן. זי האָט אוועקגעאיילט צו דער זייט פון דער וואכטע. אירע אויגן זיינען געווען אויסגעלאָשן און איר געזיכט האָט אויסגעקוקט ווי דאָס צעקנייטשטע פּנים פון אַן אלטיטשקע און זיין פאַרב ווי דער קאָליר פון וואַקס . . .

גלייך נאָך דער פרוי האָבן אַלע בלאטערן מיט זייערע סעניקעס אויף די

קעפּ און אין זייערע הענט ארויסגעשאָסן פון באַראַק אין דרויסן ארויס. זיי האָבן זיך אויסגעמישט צווישן די מאַסן שלאָפנדיקע און פאַרזונקען אין אַ טיפן שלאָף...

און אין דער זעלבער צייט איז געגאַנגען מיכאַאיל גריגאָריעוו צו דער וואכטע און ער האָט זיך איבערגעגעבן אין די הענט פון די דיזשורנע פּאָסטנס אויסרופנדיק מיט אַ רואיקער שטים:

— איך אליין האָב אָרגאַניזירט די גאַנצע זאַך און האָב ניט געהאַט קיין העלפערס...

## צווי אייזיקס

— היי, שוואַרצע הינטנס, וואַרט נאָר צו! קענט איר ניט זען אַז אַ נייער „עטאַפּ״ שטייט אין טויער?

דאָס איז געווען די שטימע פון „נאַריאַדטשיק״, דער עלטסטער פון די טרייבערס צו דער אַרבעט, וואָס האָט געשריען מיט אַ טאָן פון ביטול און פאַר־אכטונג צו אַ גאַנצע בריגאַדע פון טורקמענישע אַרעסטאַנטן, וועלכע זיינען געשטאַנען אויסגעמאַטערטע, הונגעריקע און אויסגעקוועטשטע פון לאַנגן טאָג אַרבעט און זייער איינציקע האָפענונג איז געווען וואָס גיכער אַריינצוגיין אין קאַנצלאַגער, צו דער „באַלאַנדע״ פון לינדזן, וואָס איז טאַקע געווען שוואַרצ־לעך, אָבער קיין איין לינדז האָט מען ניט געקענט געפינען אין גאָר דער זופּ: „נאָר וואַסער, וואַסער״. און אפילו די שמוציקע נאַרעס ווינקען און ציען צו זיך ווי די הענט פון אַ געליבטע און געטרייע פרוי, וואָס נאָר אין איר שויס קען מען זיך אויסרוען און פאַרגעסן, פאַרגעסן און... איינשלאָפן ביז פאַרפאַלן ווערן אין אומפּילעוודיקייט, אַז אפילו די מיליאָנען וואַנצן, וואָס קריכן קופּעס־וויז אויף די ברעטער, אויף די ווענט און סופיט, און אין אַ ווילדע פאַרוואַנדלען זיי אפילו דעם שלאָפנדיקן מענטשן אין אַ רויטלעך־געלבן צעציטערטן און זיך קאַרטשענדיקן פּאַק, — אויך זיי שטערן ניט דעם „שלאָף פון געהרגעטע״ פון די מידע אַרעסטאַנטן.

— מאַך זיך נישט נאַריש, איזיק! מיר זיינען אַכט און צוואַנציק און זיי — פיר הונדערט. דריי שעה וועט דויערן ביז מ׳וועט זיי אויסרופן לויט זייערע דאָקומענטן און ביז זיי וועלן אַריינגעבראַכט ווערן אין קאַנצלאַגער. מיר האָבן אַ גאַנצן טאָג געאַרבעט. פינף מינוט און מיר זיינען — אינעווייניק.

דאָס זיינען די געשרייען פון דער טורקמענער בריגאַדע, דורכגעמישט מיט געבעט. דער געפילדער ווערט אַלץ שטאַרקער:

— איזיק־נאַריאַדטשיק! איי, איזיק נאַריאַדטשיק!

און דער נאַריאַדטשיק איזיק, ווי ער וואָלט גאָר ניט הערן. ער בלעטערט אַ פּאַק פּאַפּירן פון דעם נייעם „עטאַפּ״ און באַווייזט נאָך צו כאַפּן אַ בליק אין די פּאַפּירן פון קאָמאַנדיר פון די „קאָנוואָי״־פּאָסטנס הינטער זיין רוקן. זיין גאַנצער וועזן רעדט: „איך בין זייער פאַרנומען און האָב קיין צייט ניט פאַר אייערע נאַרישקייטן״.

אייזיקס פּנים זעט אויס מאָדנע: אַן אָפּגעבריט פּנים פון אַ סטראַשידלע, פול מיט ווונדן און בלויע ביילן, וואָס האָבן זיך צוזאַמענגעגאָסן און געמאַכט זייך אויסזען ווי פון אַן אָראַנג־אוטאַנג, אָן האָר־וואָרצעלעך פון אַ באָרד, מיט אַן אייביק־פאַרקרימטן שמייכל אויף דער לינקער זייט באַק. די ווונדן אויפן פּנים האָט ער באַקומען אין דער צייט פון דער מלחמה אין פינלאַנד, אויפן פראָנט. נאָך דעם האָט ער געאַרבעט אין אַ געוויסע אינסטיטוציע ווי אַ קאַסיר, האָט געמאַכט אַ שווינדל אינעם געלט פון דער קאַסע און געקראָגן צוויי יאָר טורמע. איז ער געבראַכט געוואָרן אין אַ קאָנצלאַגער אין טורקמעניסטאַן, ניט ווייט פון דער שטאָט מארי. אַן אומענדלעכער שטעפּ שפּרייט זיך אַרום איר און גרויסע גרינע פלעקן זיינען אַרויסגעריסן געוואָרן פון אירע ברוין־צעטריקנטע ברייטקייטן דורך די טויזנטער אַרעסטאַנטן. דער דאָזיקער קאָנצלאַגער לעבן מארי איז געווען אַ לאַנדווירטשאַפטלעכער, און די מענטשן וואָס זיינען געווען אַרעסטאַנטן דאָרט זיינען אין זייער מערהייט געווען קרימינעלע.

און ניט געקוקט אויף דעם וואָס דער קאָנצלאַגער איז געווען אַ „לאַנדווירטשאַפטלעכער”, פלעגן די אַרעסטאַנטן־אַרבעטער זיין שטענדיק הונגעריק און אָן אַ שטיקל ברויט. און די „באַלאַנדע” וואָס פלעגט זיך קאָכן אין דער קיך יעדן אינדערפרי און אָוונט איז דווקא געווען, ווי שוין דערמאָנט, פון לינדזן, וואָס מ׳האָט געבראַכט פון די גרעסטע מרחקים, און די פּראָדוקציע פון דעם לאַנדווירטשאַפטלעכן קאָנצלאַגער, ווי קאַרטאָפל, קרויט, מערן אד״גל, פלעגט מען צעשיקן אין די אַרומיקע שטעט און די מענטשן פון קאָנצלאַגער זיינען תמיד געווען הונגעריק. נאָר אין אָסיען, ווען מ׳פלעגט אַראָפּפירן פון די פעלדער די בולבעס און די קרויט און זיי פירן צו די פראַכט־וואַגאָנעס, בלויז דעמאָלט האָבן די אַרעסטאַנטן געזשומעט פריילעכע און זאַטע ביי זייערע פולאָנגעפּראָפּטע קעסעלעך אַרום די אויוונס פון די באַראַקן אין אַ לאַנגער אָטשערעד, כדי צו קענען קאָכן, קאָכן און ווידער קאָכן די געגנבעטע גרינסן פון די פעלדער...

און אָט דער „אָראַנג־אוטאַנג”, אייזיק נאַריאַדטשיק, איז ניט נאָר געווען דער קייסער פון קאָנצלאַגער אין זין פון אַן איינציקן הערשער און קאָמאַנדיר, נאָר אויך אין זין פון אַ העכערן שופט, ווייל בלויז לויט זיין אורטייל האָבן אַרעסטאַנטן געקענט אויסגעליפערט ווערן צו אַלערליי ווילדע עינויים, פאַר גאָר ניט מיט נישט, אָט סתם אזוי זיך. ווי איצט די בריגאַדע פון די טורקמענער, וואָס נאָר דורך זיין גנאָד וואָלטן זיי געקענט אריינגיין צו דער צייט אין זייערע באַראַקן. זיך ניט צו דאַרפן פייניקן לאַנגע שעהען ביי די טויערן פון קאָנצלאַגער נאָר דערפאַר ווייל אייזיק־נאַריאַדטשיק האָט אזוי געפּסקנט.

פון דעם גאַנצן צעקרימטן פּנים פון אייזיקן, וואָס פלעגט אָנוואָרפן אַן

אימה אויף יעדן וואָס פלעגט אריינקוקן אין אים, זיינען זיינע קליינע גרינע איי־געלעך געווען באַזונדערש אייגנאַרטיק, ווייל זיי האָבן געקוקט נאָרמאַל און מיט לעבעדיקן אויסדרוק. אָבער ווער ס׳האָט אריינגעקוקט אין די אויגן, און נאָר בעת אַ שמועס איז מעגלעך געווען אין זיי אריינצובליקן, אַזאַ איינער פלעגט אין דער טיפקייט פון זיין נשמה עפּעס קריגן אַ שלאָג ווי פון אַ מעכטיקן קלאַפּ פון אַן א י י ז י ק ן ק ו ק, וואָס האָט אומצווויידייטיק געלאָזט וויסן: דיין גורל איז שוין באַשלאָסן אָן אַנטריבונג און אָן רחמנות... און אייזיק־נאַריאַדטשיק האָט געקענט נאָר איין און איינציקן בעל־הבית, אַזוי ווי דער ריזיקער בעסטיאַלישער הונט אויף דער קייט פון צווימדראָט אין קאָנצלאַגער: דער לעצטער — זיין טרעגערער און אייזיק־נאַריאַדטשיק — דעם באַפולמעכ־טיקטן פון נקוו״ד, וועמען ער האָט געדינט מיט טריישאַפט און אַ דאַנק וועמען ער האָט געקיניגט איבער דעם קאָנצלאַגער אַלס „נאַריאַדטשיק״. דאָס מיינט: דער עלטסטער פון די טרייבערס פון די אַרעסטאַנטן צו דער אַרבעט. אָבער אייזיק־נאַריאַדטשיק איז אין דער אמתן געווען נאָר אַ מ אַ ר י אָ נ ע ט ק ע אין די הענט פון דעם נקוו״ד־באַפולמעכטיקטן אין קאָנצלאַגער.

די געשרייען פון דער בריגאַדע פון די טורקמענער זיינען אַלץ שוואַכער געוואָרן, און ביסלעכווייז זיינען זיי אין גאַנצן פאַרשלונגען געוואָרן אין אַ געמורמל פון אַפּאַטיע און שלום־מאַכונג מיט דעם אכזריותדיקן באַשלוס פון אייזיק־נאַריאַדטשיק, וואָס האָט אָנגעהויבן איבערנעמען די פּאַפּירן פון דעם נייעם „עטאַפּ״ פון דער האַנט פון דעם קאָמאַנדיר פון די וואַכפּאָסטנס. אָבער ער האָט נאָך ניט באַוויזן זיי איבערצונעמען, ווי די אויפמערקזאַמקייט פון קאָמאַנדיר איז צוגעשמידט געוואָרן צו אַ גוואַלדיקן געפּילדער פון פרויען, וואָס האָט פאַרוואַנדלט דעם גאַנצן פּלאַץ פאַר די טויערן פון קאָנצלאַגער, אין אַ געווירבל פון חוצפּהדיקע און גרילציקע געשרייען, וואָס האָבן זיך באַלד צוזאַמענגעמישט אין אַ מעכטיקן געליאַרעם, וואָס איז אַפילו איבערגעשטיגן די אכטונג־באַפעלן פון די פּאָסטנס און שליסלער, ווייל אויך די קולות זייערע איז שווער געווען צו פאַרשטיין. נאָך אַ קורצע ווײַלע איז דער גוואַלדיקער טומל פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איין איינציקן געשריי, זייער פאַרשטענדלעך און פּשוט. און דאָס אַלץ אין אַ כאָר:

—אייזיק ,אייזיק, א י י ז י ק! פאַר דעם „עטאַפּ״ אריינלאָזן די בריגאַנעס...
און מיט אַ מאָל איז געפאַלן אַ שטילקייט. פון נייעם „עטאַפּ״ איז ארויס אַ שלאַנקער בחור, אַ יונגער, ארום אַכט און צוואַנציק יאָר אַלט. זיינע אויגן טונקל־ברוינע, זיין טשופּרינע („ווי אַזוי האָט מען אים איבער־געלאָזט די טשופּ־רינע אין טורמע?״ — האָבן זיך געוואונדערט די אַרעסטאַנטן) — שוואַרץ און קוטשעראַווע, זיינע באַקן זיינען טאַקע געווען אויסגעדאַרט, אָבער באַדעקט

מיט אַ צאַרטן רויט. ער האָט אויפגעהויבן אַ האַנט קעגן דער פרויען־בריגאַדע, וואָס איז אין איין מאָמענט איינגעשטילט געוואָרן:

— איך בין א י י ז י ק! וואָס באַטייט דער טומל און וואָס ווילט איר פון מיר? — דאָס לעצטע וואָרט אונטערשטרייכט ער א י ר אָ נ י ש, ווייל אַלע פאַרשטייען און ער אויך אז ע ר האָט דאָ קיין שייכות ניט צום גאַנצן ענין. און עס לאָדט זיך אויס די שפּאַנונג אין דער לופט. מ'הערט אַ ג ע ל ע כ ט ע ר צווישן די אַרעסטאַנטן. און צווישן די אַרעסטאַנטקעס טראָגט זיך דורך אַ געשושקע:

— וואָס פאַר אַ מאַנצביל!.. '

און דער יינגערער אייזיק, וואָס איז איצט געשטאַנען לעבן אייזיק־נאַריאַד־טשיק די סטראַשידלע, האָט טאַקע אויסגעזען ווי אַ יונגער־מאַן פיל מאָל שענער ווי ער איז עס געווען אין דער אמתן.

— וואָס ווילט איר? — האָט אייזיק אַרויספאָדערנדיק איבערגעחזרט.

דער וויץ פון נייעם אייזיק ווערט פון אַלעמען אויפגעכאַפּט. אַ געמיש פון שטימען וואָס פאַרמעסטן זיך איינע מיט די אַנדערע, ווי זיי וואָלטן זיך באַ־קלאָגן פאַר אַ וועלכן ניט איז ריכטיקן העכערן קאָמאַנדיר:

— זאָל דער אייזיק, דער נאַריאַדטשיק, אַריינלאָזן די בריגאַדעס, וואָס קערן זיך אום פון דער אַרבעט, פ ר י ע ר פאַר דעם „עטאַפּ". דאָס איז נאָר אַ זאַך פון געציילטע מינוטן. מיר זיינען הונגעריק און פאַרמאַטערט, — האָבן געשריען די ווייבער און די טורקמענער.

און מיט אַ פאַרגליווערט פּנים פון אַ קאָמאַנדיר באַפעלט אייזיק מיט אַ שרייאיקער שטים:

— היי, אייזיק־נאַריאַדטשיק! די ווייבער זיינען גערעכט. לאָז זיי פריער אַריינגיין. און אויך די פאַרהאַרעוועטע מענער. און דער „עטאַפּ" — סיי ווי וועט עס דויערן שעהען.

— מיט וואָס פאַר אַ חוצפּה דער דאָזיקער צוציק רעדט עס צו מיר און באַפעלט! דו גיי בעסער זויגן מילך ביי דיין מאַמען די ציצק, — שרייט צו אים אייזיק־נאַריאַדטשיק.

און פּלוצלינג האָט עפּעס אויסערגעוויינלעכס פּאַסירט: דער צווייטער אייזיק האָט אַרויסגעוואָרפן אַ זאַפטיקע רוסישע קללה און אזא פיל „גאָרנדיקע" אויף דעם קאָפּ פון אייזיק־נאַריאַדטשיק, אז אַלע אַרום און אפילו ער אליין, וואָס זייער אויער איז געווען געוווינט צו די דאָזיקע זידלערייען מער ווי צו זייער „ראַציע ברויט", זיינען געבליבן דערשטוינט און צעמישט און דער קאָ־מאַנדיר פון די וואַכפּאָסטנס האָט אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ שפּרודלדיק־פרייעלעכן געלעכטער:

— ווי קומט עפּעס אַזוינס צו דיר?

— ניט צום ערשטן מאָל שטיי איך פאַר אַזעלכע טויערן, בירגער־נאַטשאַלניק! איך האָב שוין געענדיקט איין נאַרמע פון אַכט יאָר, און דאָס איז נאָך ניט אַלץ.

— מיין גרעסטער דרך־ארץ פאַר אַזאַ איזיק! — זאָגט דער קאָמאַנדיר פון די פּאָסטנס און באַפעלט אַריינצולאָזן אין קאָנצלאַגער די וואָס קומען צוריק פון דער אַרבעט פאַר דעם „עטאַפּ", אַזוי ווי זיי פאַרלאַנגען.

— איזיק דער צווייטער! קום אין אָונט אין דעם פּרויען־באַראַק. מיר האָבן שוין צוזאַמענגעשטעלט אַן אָטשערעד פאַר דיר. מיר וועלן זען צו וואָס דו ביסט פעאיק, — שרייען די פרויען ביים אריינגיין אין זייער קאָנצלאַגער דורך דעם אלגעמיינעם טויער. נאָר שפּעטער טיילן זיי זיך פאַנאַנדער, די מענער — אויף רעכטס, דורך זייער טויער — צום קאָנצלאַגער פון די מענער און די פרויען — אויף לינקס, צום קאָנצלאַגער פון די פרויען. און אויך דאָ, לעבן די באַזונדערע טויערן, שטייען פּאָסטנס און ציילן פון דאָס ניי און ציילן אויך מיט שרייאיק־טרוקענע שטימעס די אַרעסטאַנטקעס וואָס קומען אריין, אַלע נאָך גאַנץ יונגע, אַרום צוואַנציק־פינף און צוואַנציק יאָר אַלט.

איזיק דער צווייטער האָט ניט אויף ריכטיק פאַרשטאַנען וואָס זיי ווילן פון אים. און צו דעם אַלעם איז נאָך זיין לינקע האַנט געווען אויסגעלונקען אין עלנבויגן און זי איז אים געהאַנגען אויף אַ שמאַטע איבערן האַלדז זייער שוואַך און אין שטאַרקע ווייטיקן. ער איז געווען פון פוילן. אין דער צייט ווען היט־לער און סטאַלין האָבן זיך צעטיילט אין 1939 מיט דעם לאַנד איז זיין שטאָט ווו ער האָט געוווינט ארונטערגעפאַלן אונטערן סאָוועטישן רעזשים. און דאָרטן איז ער אַרעסטירט געוואָרן ווי אַ קאָמאַנדיר פון בית"ר. אַ „מישפּט" איז פאַרגעקומען אונטער די אויגן און „דער ספּעציעלער סאָוועט אין מאָסקווע" האָט אים באַשטראָפט מיט אַכט יאָר טורמע. ער איז געזעסן „נאָר" צוויי יאָר: לויט דעם אָפּמאַך צווישן גענעראַל סיקאָרסקי, דער קאָמאַנדיר פון דער פוי־לישער אַרמיי וואָס קעמפט קעגן היטלערן און צווישן דער מאַכט פון ראַטן־פאַרבאַנד, איז איזיק דער צווייטער באַפרייט געוואָרן פאַר זיין טערמין. אָבער ער האָט ניט באַוויזן זיך אַנצושליסן אַן פוילישן מיליטער צוליב דער פאַר־אָרדענונג וואָס ער האָט באַקומען „דערוויייל וואַרטן". „אין צווישן" איז ער געווען געצוווּנגען צו אַרבעטן „אויף דער פריי" אין אַ פאַבריק כדי צו האָבן פון וואָס צו לעבן. און אָט האָט איין מאָל פּאַסירט אַז ער האָט פאַרשפּעטיקט צו דער אַרבעט צוליב עפּעס אַ נאַרישן אויטאָבוס, וואָס איז געבליבן שטעקן אין וועג. צוליב דער דאָזיקער פאַרשפּעטיקונג האָט מען אים שוין יאָ געמאַכט אַ מישפּט און ער האָט געקראָגן פיר חדשים טורמע. און דירעקט פון טורמע

איז ער געשיקט געוואָרן אַהער צו דעם קאָנצלאַגער אונטערן נאָמען „מארי“ אויפֿן נאָמען פֿון דער נאָענטער טורקמעניִשער שטאָט, אין אַ סטעפּ, ווו עס וואַקסט גאָר ניט, אין דעם ליימיק אײַזן־האַרטן באָדן, ערגעץ איז געווען אַ וואַסערקוואַל, פֿון וועלכן מ׳האָט געוועסערט די אויסגעאַרבעטע פֿעלדער. די לאַנדווירטשאַפֿטלעכע פּראָדוקציע, ווי שוין דערמאָנט, פֿלעגט מען שיקן אין שטאָט, צו די אינסטיטוציעס און זאַוואָדן פֿון דער לאָקאַלער מאַכט. אין דעם לאַגער זײַנען געווען ארום צוויי טויזנט אַרעסטאַנטן. דאָס רוב — קרימינעלע. צווישן זיי — ארום הונדערט פּוילישע בירגער, וואָס האָבן זיך אָפּגעזאָגט אָנצונעמען די סאָוועטישע בירגערשאַפֿט און זײַנען „אַדמיניסטראַטיוו“ באַשטראָפֿט געוואָרן מיט צוויי יאָר טורמע.

דעם זעלבן אָוונט נאָך, דער ערשטער פֿון זײַן אָנקום אין קאָנצלאַגער, איז אײַזיק „דער צווייטער“ אַוועק צו דעם דאָקטאָר פֿון קאָנצלאַגער. דאָס איז געווען אַן אַלטער פֿעלדשער, וואָס האָט געהיילט אַלע קראַנקייטן פֿון די חולאים־אַרעסטאַנטן בלויז מיט איין איינציקן מעדיצין: ער פֿלעגט זיי באַפֿרײַען פֿון דער אַרבעט. אַנדערע תּרופֿות, ריכטיקע, האָט ער ניט געהאַט, נאָר אײַנצלנע, און דאָס זייער בצימצום. ווונדן און אַ צעבראָכענעם ביין האָט ער געהיילט מיט „יאָד“. און ווען אײַזיק איז אַרײַנגעקומען צו אים אין קראַנקן־באַראַק, וואָס די אַרעסטאַנטן האָבן גערופֿן „אַמבולאַטאָריע“, און ער האָט אים געוויזן זײַן אָנגעשוואָלענעם עלנבויגן און זײַן לויז־אַראָפּהענגענדיקע האַנט אין שווערע אומדערטרעגלעכע ווייטיקן, האָט ער ארויפֿגעגאָסן אויפֿן עלנבויגן אַ האַלבע פֿלאַש „יאָר“, האָט אײַנגעריבן דעם יסורים־מדיקן אָרט מיט וואַטע אָנגעזאַפּט מיט דעם זעלבן וווּנדער־„יאָד“, ער האָט די גאַנצע האַנט פֿאַרבאַנדאַזשירט אין אַ בינדע, באַפֿוילן „אויפֿצוהענגען“ די האַנט אויף דער זעלבער שמאַטע איבערן קאָלנער און האָט געזאָגט:

— מיט עפּעס מער קען איך דיר ניט העלפֿן. מיר וועלן זען ווי ס׳וועלן זיך צוזאַמענציִען און צוזאַמענוואַקסן די ביינער. דו ביסט יונג און אפֿשר האָסטו נאָך גליק דערצו און וועסט זיך נאָך קענען באַנוצן און אַרויסהעלפֿן מיט דער האַנט. דערווײַל וועסטו זײַן אין דער שנײַדערײַ און דאָרטן קענען אַ ביסל צוהעלפֿן מיטן נייען.

אַזוי איז באַשלאָסן געוואָרן אײַזיקס נאָמינאַציע ווי אַן „אַרבעטער פֿון שנײַדערײַ“. אין דער שנײַדערײַ איז אַרײַנגעבראַכט געוואָרן אײַזיקס שעניק און זײַן „בעט“ איז אויסגעשפּרייט געוואָרן אויפֿן דיל ביי אַ בערגל צעקאָדערטע טראַנטעס, וואָס האָבן געדינט ווי לאַטעס פֿאַר די אַרעסטאַנטסקע צעריסענע בגדים, וואָס האָבן געזאָלט ביז מאָרגן פֿרי פֿאַרריכט זײַן, כדי זיי זאָלן האָבן אין וואָס אַרויסצוגיין צו דער אַרבעט. אַ קראַנקער אַלטיטשקער, אַ געוועזענער

ריכטער אין פּוילן, גאָנצאָווסקי, איז געווען דער אָנפירער מיט דער שניידעריי און זיין געהילף, אַ געוועזענער אָפיצער פון פוילישן פלאָט, יאָש־טשעמסקי, ארום פינף און דרייסיק יאָר אַלט, איז געווען דער איינציקער וואָס האָט באמת געאַרבעט, ער האָט פאַרריכט און גענייט, גענייט און פאַרריכט גאַנצע נעכט.

אָבער די צוויי זיינען ניט געשלאָפן אין דער שניידעריי, נאָר בלויז דאָרטן געאַרבעט. נאָר אייזיק איז געווען דער איינציקער וואָס האָט געהאַט געקראָגן אַ באַפעל צו לעבן און נעכטיקן אין דער שניידעריי אלס שומר ביז ער וועט קענען אַרבעטן מיט דער צווייטער האַנט.

דער שניידעריי־באַראַק איז געווען אַ קליינטשינקער, אָבער ניט איזאָ־לירט: דערביי האָט הויך און מיט אימה־דראָאונג געשוואַרצט דער קאַרצער פון קאָנצלאַגער. ער איז געווען אזוי נאָענט צו דער שניידעריי אז אין אירע „צימערן" פלעגט מען הערן יעדן געוויש אין קאַרצער. און צוויי „צימערן" זיינען געווען אין שניידעריי: איינער — דער מאַגאַזין, וואָס איז כמעט תמיד געווען פאַרקלאַפּט אויף אַ גרויסן און שווערן שלאָס און דער שליסל — אין קעשענע פון נאַטשאַלניק פון דער שניידעריי גאָנצאָווסקי. אין דעם מאַגאַזין זיינען אויפגעהיט געוואָרן לייוונט און אויפגענייטע און האַלב־פאַרטיקע קליי־דער פון די „פרייע", וואָס פלעגן וויליק קומען אויפנייען פאַר זיך בגדים אָן קיין געצאָלט (נאָר אַנדערע מאָל פאַר אַ שטיקל ברויט) ביי די שניידער פון קאָנצלאַגער, וואָס זיינען געווען איבערגענוג צווישן די אַרעסטאַנטן. אינעם צווייטן אַ ביסל גרעסערן צימער זיינען פאַרריכט געוואָרן די פאַרפוילטע שמאַ־טעס פון די אַרעסטאַנטן. און געווען נעכט ווען קיין איין ארעסטאַנט האָט ניט אָפּגעגעבן זיינע זאַכן צו פאַררייכטן. און ניט ווייל זיינע ארבעט־קליידער, וואָס זיינען אויך געווען זיינע „אויסגאַנג"־קליידער און בכלל — זיינע איינציקע, זיינען געווען גאַנץ און ס'איז ניט נייטיק געווען עס צו טאָן, נאָר ווייל ס'איז געווען קאַלט צו שלאָפן אין די פּראָסטיקע נעכט אונטער די צויטיק־פאַרפוילטע דעקע אָן קליידער. דאָס איז געווען אין ווינטער. אָבער אויך אין זומער האָט דער אַרעסטאַנט אויסגעמיטן אָפּצוגעבן זיינע קליידער צו פאַרריכטן, ווייל צוליב די מאַסן וואַנצן אין באַראַק האָט ער געמוזט שלאָפן אין דרויסן אונטערן פרייען הימל. און די נעכט אין זומער אפילו זיינען אויך קיל און ס'איז זייער קאַלט צו שלאָפן אָן קליידער. איבערהויפּט — אין די באַגינענס.

ווען אייזיק איז צוריק געקומען פון דער אַמבולאַטאָריע אַ מידער פון ווייטיקן פון דער אויסגעלונקענער האַנט און פון די „עטאַפּ"־וואָגלענישן אַ גאַנצן לאַנגן טאָג, האָט ער געטראָפן יאשטשעמסקין איינגעבייגן איבער דער אַרבעט מיט דער נאָדל און די טראַנטעס דערביי. ער האָט כמעט קיין אַכט ניט

געלייגט אויף אים און האָט זיך אויסגעצויגן אויף זיין שעניק אויף דער ערד, ניט אראָפּנעמענדיק אפילו די שיך. גאַנצאָווסקי האָט זיך פאַרקייכט אין אַן אויסגעצויגענעם הוסטן מיט אַ „גוטע נאַכט" און איז לאַנגזאַם פאַרשוווּנדן, איינגעבייגן, האַלטנדיק די אויגן פאַרשטעקט אונטער זיינע זיך שיכור־וויגנדיקע פיס, הינטער דער טיר, וואָס ער האָט געעפנט און פאַרמאַכט אָן קיין גערויש.

יאַשטשעמסקי און אייזיק זיינען אליין פאַרבליבן. אין דער לופטן איז גע־האנגען אַ דערדריקנדיקע שטילקייט. יאַשטשעמסקי האָט ווייטער געגייט און אייזיק — זיינע ברעמען זיינען צוגעשלאָסן און פאַרהאַקט געוואָרן שווערע און מידע איבער זיינע אויגן. די מינוטן האָבן פּוילבלעך געפּויזעט ווי די קלאָרע מחשבות אין יאַשטשעמסקיס מוח. ער האָט זיך איצט געזען אויסגעפּוצט אין אַ פאַראַדנעם מונדיר פון אַ פּלאַט־אָפיצער, טאַנצנדיק אָרעם אין אָרעם מיט דער קראַסאַוויצע וואַנדאַ קרולעווסקאַ, וואָס ביז צום היינטיקן טאָג ווייס ער ניט צי דער נאָמען — „מאַיעסטעטין" — פון דער יונגער שוישפּילערין און באַ־רימטער זינגערין פון וואַרשע איז געווען דער אמתער אָדער נאָר אירע פאַר־ערער האָבן זי אַזוי גערופן. יאַשטשעמסקי הייבט אָן אונטערברומען אונטער דער נאָז די מעלאָדיע פון דער שטורמישער „פּאָלקע" און די נאָדל אין זיין האַנט ארבעט מיט מער פלינקייט, אין ריטם פון טאַנץ. זיינע אויגן שמייכלען פון פאַרגעניגן: ווען ער קומט אריין מיט איר אין נאַכטקלוב, דעמאָלט פלעגן די אויגן פון אַלע מענער ווערן צוגעשמידט צו איר און ער, ווי אַ הייכער באַ־פעלער, פלעגט אַ גאַנצן אָוונט טאַנצן מיט איר און זי פלעגט זיך לאַשטשען צו אים און נאָך דעם... אוי, די נעכט נאָך דעם!.. אַ טיפער זיפץ רייסט זיך אים ארויס פון ברוסט, אַ בענקשאַפט־קרעכץ און אַ ברענענדיק ביטערער ווייטיק ביז טרערן. און יאַשטשעמסקי שפּרייט אויס די הענט, אין דער רעכטער — די נאָדל, אין דער לינקער — די צעקאָדערטע ארעסטאַנטסקע הויזן וואָס ער לאַטעט, ווי ער וואָלט וועלן ארומאָרעמען די קרולעווסקאַן, וואָס שטייט דאָ נאָענט־נאָענט ביי אים, אַ צעלויכטענע, אַ שמייכלדיקע און באַרוישט אים ביז זינלאָזיקייט...

און יאַשטשעמסקי גיט זיך אַ כאַפּ פון שאָרך פון דער טיר פון שניידעריי וואָס עפנט זיך פּאַמעלעך, אין געהיים. אין דער ערשטער סעקונדע, פון דער פּלוצימדיקייט, האָט ער זיך דערשראָקן. אָבער ווען ער דערזעט די געשטאַלט פון נינאַ אגעיעוואַ, די „ארעסטאַנטין־צאַריצאַ", די צוואַנציק יאָריקע, ווי זי גליטשט זיך און שלייכט אריין אין צימער, ווערט יאַשטשעמסקי אָנגעפילט מיט שטאָלץ און עס פאַרגיסט אים אין גאַנצן די פרייד פון אַ גוואַלדיקן טריאומף. שוין זייער פיל מאָל ווי זייערע בליקן האָבן זיך באַגעגנט און זיין האַרץ פלעגט פאַרחלשט ווערן פון דער זיסער האָפענונג אפשר וועט די דאָזיקע

קיניגין פון קאָנצלאַגער, נינאַ אגעיעוואַ, זיין צו אים גנעדיק ווי די וווּנדערלעכע אַקטריסע קרולעווסקאַ אין יענע טעג. און די איז אפילו געווען מיט אַ יאָר־צוויי ייִנגער פון יענער און נאָך מער קיניגין, ווייל זי האָט געטאָן אין קאָנצלאַגער הערשן מיט אומבאַגרענעצטער מאַכט איבער אַלע מענער־אַרעסטאַנטן — דאָס איז דאָך זעלבספאַרשטענדיק, מחמת זי איז געווען אַ מין אידעאַל פון דער פון זיי צוגערויבטער ליבע אין דער טורמע און צוליב דער טורמע. אָבער ווי אזוי זי האָט איבערגעקליגט אין איר הערשאַפט די ייִנגערע ווי זי אליין און אפילו די עלטערע — דאָס איז געווען איר סוד.

און די אַלע פרויען זיינען שוין געזעסן אין קאָנצלאַגער ניט ווייניקער פון זעקס ביז אַכט יאָר. זיי האָבן אָנגעהויבן ווי קליינטשקע אַרעסטאַנטקעס. און פאַרענדיקט — ווען זיי וועלן פאַרענדיקן האָבן זיי אליין ניט געוווּסט, ווייל יעדער מאָל איז אויף זיי געקומען אַ באַנייטע נאָרמע קאָנצלאַגער־יאָרן פאַר אלערליי מערדערייען, דעזערטאַציעס, שיקאַנעס איבער מענער־ און פרויען־וואַכפּאָסטנס, איבער קאָמאַנדירן און קאָמאַנדירקעס און איבער סתם אַרעסטאַנטן. די דאָזיקע אייביקע אַרעסטאַנטקעס האָבן פאַר לאַנגע יאָרן קיין מאַנצביל לעבן זיך ניט געהאַט. זיי פלעגן ארויסגיין צו דער אַרבעט און זיך אומקערן און נאָר פון דער ווייטן פלעגן זיי זען די מענער. ניט אזוי אָבער זייער „מלכה“ נינאַ אגעיעוואַ. זי פלעגט פריי ארומגיין צווישן דעם קאָנצלאַגער פון די מענער און פרויען, אריין און ארויס אין און פון די מענער־באַראַקן ווען זי האָט געוואָלט. און נאָך אַ צוויי־דריי פון אירע „אַדיוטאַנטקעס“. און נאָר פון צייט צו צייט פלעגט זי ברענגען צו דעם פרויען־באַראַק די „צינז“: איין מאַן פאַר אַלע פרויען. זי פלעגט אים אריינגנבענען דורך די פאַרבאָטענע פלעצער מיט דער שטילער הסכמה פון די פּאָסטנס און וועכטער. אָבער דאָס פלעגט זייער זעלטן טרעפן: ווען אַלע פרויען־באַראַקן פלעגן איינשטימיק „אויסוויילן“ אַ געוויסן מאַן וואָס זאָל צו זיי געבראַכט ווערן. און מיט דעם פלעגט אויך באַזיגלט ווערן דער גורל פון אָט דעם מאַנצביל אויף שוידערלעכער שיקאַנעריי און אַן אכזריותדיקן טויט. און פאַר די אַלע פרויען וואָס פלעגן אָנטייל נעמען אין אזא אָרגיע — אַ נאָרמע פון נייע צען יאָר זיצן אין קאָנצלאַגער.

אָבער באַזונדערס האָבן די מענער־ און פרויען־פּאָסטנס ארויסגעוויזן זייער גוטסקייט צו נינאַ אגעיעוואַ, די „קייסערינע פון די פרויען“, ווייל דורך איר איז זיי לייכטער אָנגעקומען צו באַוועלטיקן אי די מענער און אי די פרויען. און צוליב דעם טאַקע האָט זי געהאַט איר ספּעציעלע פ ר יי ה יי ט, וואָס פלעגט דערגאַנצן איר גלאַנץ און די הערלעכקייט פון מאַכט, וואָס איז דורך אלעמען אָנערקענט געוואָרן פאַר נינאַ אגעיעוואַ.

און אָט שטייט איצט די דאָזיקע צויבערדיקע קיניגין פאַר אים, פאַר דעם

עקסטאַז־פֿאַרכאַפּטן און גלאָריע־פֿאַרש־כורטן יאַשטשעמסקין: זי איז געקומען איינגנווויליק, אַליין, אָן באַזונדערער שווערקייט. און מאָדנע: ער געפֿינט איצט אַ דערשטוינענדיקע ענלעכקייט צווישן יענער שוישפּילערין און צווישן דער, נינאַ אַגעיעוואַ. יאַשטשעמסקי שפּרינגט אויף פֿון אָרט, די נאָדל און די טראַנ־טעוואַטע הויזן גליטשן זיך אים ארויס פֿון די הענט און ער שפּרייט אויס זיינע אָרעמס צו איר ארומגעכאַפּט פֿון גלי, דאָרשט און שטורעמדיקער לוסט. זיינע ליפּן מורמלען באַגייסטערט — קרולעווסקאַ, מיין קרולעווסקאַ!..

אָבער פּלוצלינג שטויסט זיך זיין בליק צוזאַמען מיט דעם אייזיקן בליק פֿון אירע אויגן און יאַשטשעמסקי גיט זיך אַ צאַפּל אַ הינטערווייַלעכץ, ווי עמעץ וואָלט אים ארויפגעגאָסן אויפֿן קאָפּ אַ פֿולן עמער מיט קאַלטן אייז־וואַסער. ווי איינגעשלאָגן פֿון אַ דונער שטייט ער נאָך עטלעכע מינוט און אָב־סערווירט ווי זי זוכט מיט אירע בליקן אין אַלע ווינקלען פֿון צימער. און ענד־לעך — געפֿינט זי. אירע ליפּן צעשמייכלען זיך. ער קוקט צו דער זייט ווו איר בליק האָט זיך פֿאַרהאַלטן. דער שעניק וואָס הינטער די שמאַטעס זעט אויך אויס ווי אַ בערגל טראַנטעס, אָבער אַ ביסל קלענער. אייזיק זעט זיך ניט ארויס פֿון הינטער אים. ניט זיין קאָפּ און אויך ניט — זיינע פּיס. עס שטעקן נאָר ארויס זיינע סוראָגאַט־שיך, געמאַכט פֿון די גומי־רייפֿן פֿון אַ לאַסט־אויטאָ־מאָביל. זיי זיינען קאָלאָסאַל גרויס אין פֿאַרהעלטעניש צו אַ מענטשנס פּיס. נינאַ אַגעיעוואַ גייט דירעקט צו צו דעם הויפֿן און דער שמייכל גייט איר ניט אַראָפּ פֿון פּנים. זי הייבט זיך אָן אויסטאָן. זי וואַרפֿט אַראָפּ פֿון זיך דעם אַרעס־טאַנטסקן בושלאַט (אַ קורצער מאַנטל אויסגעשטעפּט אויף וואַטע), ציט אַראָפּ די גלאַנציקע לעדער־שטיוול פֿון די פּיס מיט אומדערוואַרטער שנעלקייט און נעמט זיך אָן מיט די הענט אראָפּצולאָזן איר קלייד, נאָר דאָ פֿאַרטשעפּעט זיך איר בליק אין יאַשטשעמסקין וואָס שטייט קעגן איר פֿאַרגליווערט מיט דער־שטוינטע אויגן. נינאַ הייבט דאָן אויף איר פֿינגער פֿאַמעלעך, אָבער דעצי־דירט, קעגנאיבער דער טיר. אָן אַ וואָרט צו זאָגן טוט זי אים אַ ווונק ער זאָל ארויסגיין. און יאַשטשעמסקי גיט אַ כאַפּ זיין בושלאַט און ניט אָנטוענדיק אים שיסט ער ארויס אין דרויסן. ערשט דעמאָלט וואַרפֿט נינאַ ארונטער דאָס קלייד פֿון זיך, גייט צו צו דער טיר, פֿאַררוקט איר פֿון אינעווייניק אויף דעם גרויסן ריגל, ווי זי וואָלט שוין עס מיט דער זעלבער טיר געוווינט געוועזן צו טאָן פֿיל מאָל, און גייט צו צו דעם שמאַטע־הויפֿן וואָס אונטער אים שלאָפֿט אייזיק. אויף דער גיך פֿאַרענדיקט נינאַ זיך אויסטאָן. זי טוט אַ שפּרונג אונטער די טראַנטעס און דריקט זיך צו צו דעם שלאָפֿנדיקן קערפּער. אָבער איצט געשעט אַ זייער מאָדנע זאַך: אייזיק שפּרינגט־אויף אויף זיינע פּיס מיט אַ געקוויטש פֿון אַ גוואַלדיקן ווייטיק. ער איז אין גאַנצן אָנגעטאָן. אַנטקעגן אים שפּרינגט־אויף

נינאַ וואָס איז אין גאַנצן נאַקעט. זיי שטייען ביידע איינע קעגן אַנדערן. אײַ־זיקס אויגן דריקן אויס צו ערשט אימה און יסורים. ער האַלט אונטער אין זיין רעכטע האַנט די פאַרבאַנדאַזשירטע לינקע, וואָס הענגט אים אויפן האַלדז אין אַ שמאַטע. און אַזוי גייען אריבער עטלעכע מינוט. אָן ווערטער ווייזט ער איר אָן אויף זיין צעוויייטיקטער האַנט. איר געזיכט ווערט ערנסט, זי טוט אַ שפרונג און ציט זיך אויס אויפן שעניק אונטער דער דעקע און די טראַנטעס פון אויבן. נאָך דעם הערט ער איר שטים וואָס איז קאַלט ווי אייז:

— דאָס וועט דיר ניט העלפן, אײַזיק. אויב ניט איך, דאַן דערוואַרט דיר אַן אָ ט ש ע ר ע ד אין צווייטן באַראַק פון פרויען־קאָנצלאַגער. איך צוזאַמען מיט מיינע העלפערינס, וועלכע וואַרטן אין דרויסן, וועלן דיך אריבערפירן דורך די פאַרבאָטענע פלעצער.

אײַזיק פאַרשטייט ניט אירע רייד, כאָטש זי זאָגט זיי זייער קלאָר. ער כאַפּט נעפלדיק באַגרייפן דעם עיקר. אַזוינס האָט אים נאָך ניט געטראָפן זייענ־דיק אַן אַרעסטאַנט, אין דער ערשטער קוואַטע טורמע־יאָרן. ער האָט זיך גע־האַלטן פאַר אַ גרויסן ספּעציאַליסט אין עניינים פון אַרעסטאַנטן און קאָנצ־לאַגערן. אײַזיק האָט אויפגעהויבן זיין שטים:

— קענסטו ניט זען אַז מיין עלנבויגן איז צעשפּליטערט און די ווייטיקן זיינען שרעקלעכע? שטיי אויף, טו זיך אָן און גיי דיר. אַן אַנדערש מאָל. וועסט נאָך באַווייזן.

איר געלעכטער האָט זיך אַ קייקל געטאָן קלינגענדיק און קאַלט, ווי מעכאַניש:

— באַגרייפסטו ניט אַז דו לעבסט דיין לעצטע נאַכט, קינד? זיי פאַר־שטענדיק. פון באַראַק נומער 2 אין פרויען־קאָנצלאַגער איז נאָך קיין מאַנצביל ניט ארויס אַ לעבעדיקער. בין איך געקומען דיך ראַטעווען. און כדי עס ווערט צו זיין דאַרפסטו זיין אַ מאַן. און אויב דו וועסט עס באַשטעטיקן, און שוין, וועסטו לעבן. האָסטו מיך פאַרשטאַנען?

אײַזיק האָט געשוויגן. די גאַנצע אויפפירונג פון נינאַ אגעיעוואַ איז געווען אומגעוויינלעך און ניט נאָרמאַל, אָבער צו זיין שטוינונג האָט ער אויף אַ האָר ניט געספקט אין אירע רייד. אַ מיסטעריעז געפיל האָט אים מיט אבסאָלוט־קייט אונטערגעזאָגט, אַז אין אירע רייד איז פאַראַן אַ גרויליקער אמת. און עפּעס אַ פ ח ד האָט אים אַ נעם געטאָן און באַוועלטיקט און דאָס האָט איינ־געשטילט דעם ווייטיק אין זיין האַנט וואָס איז פאַראורזאַכט געוואָרן דורך נינאַס לאַשטשען זיך צו אים בעת זיין שלאָף.

און אײַזיק פּרוּווט נאָך אַ זאָג טאָן:

— די האַנט, פאַרשטייסט דאָך, זי לאָזט ניט, כ׳האָב זי היינט אויסגעַ־לונקען...

— מיט דער האַנט דאַרפסטו גאָר ניט טאָן, — אירע רייד קלינגען ווי דיסקרימינירנדיק.

אייזיק קוקט אריין אין אירע אויגן מיט צאַרן. אָבער זי לאָזט זיי ניט אַראָפּ. עס גייט אריבער אַ מינוט, אַ צווייטע, אַ דריטע. די אויגן, וואָס זיינען באַהעפט מיט אַ לאַנגגן־לאַנגגן בליק, זיינען צוגעשמידט צו איר און קענען זיך ניט אָפּרייסן. אזוי לאַנגזאַם פאַרוואַנדלט זיך דער צאָרן אין זיינע אויגן צו גלעטנדיקער ווייכקייט. און נאָך דעם — אין אַ שמייכל, און נאָך דעם, אין ווערטער־אָן־ווערטער. און נאָך דעם — אין בענקשאַפט. און נאָך דעם — אין ליבשאַפט. און נאָך דעם — אין שפּריצנדיקע פונקען. און נאָך דעם — אין אַ פלאַם, וואָס צינדט אָן און צעשטורעמט די בלוטן...

אייזיק בייגט זיך איין און הייבט אָן אַראָפּציען זיינע שיך מיט איין האַנט. נינאַ גיט זיך אַ גליטש אַרויס פון אונטער דער צעקאָדערטער קאָלדרע און העלפט אים, קניענדיק פאַר אים אויף אירע קני. ער גלייכט זיך אויס שטאַלטנע און קוקט צו איר פון אויבן אַראָפּ. נינאַ מיט די לאַנגע געקרויזלטע קאַשטאַן־האָר, וואָס זיינען צעשפּרייט אויף אירע שולטערן, מיט אירע הענט, ברוסט און געזיכט, קומט אים איצט פאַר ווי אַ לעגענדאַרע פרוי, צעשטראַלט אין איר פּע־מינישער שיינקייט וואָס אזא האָט ער נאָך אין זיין לעבן ניט געזען... ס׳איז אים אַ שאָד אויסצולעשן דאָס ליכט. אָבער ער לעשט עס אויס. פאָרזיכטיק לייגט ער זיך אַוועק אונטער די שמאַטעס און ער הערט איר גליאיק געפליס־טער אין זיין אויער:

— איך וועל אליין, דו זאָלסט קיין זאַך ניט טאָן. — איר שטים גלעט, באַ־רואיקט און באַפעלט, אַלץ צוזאַמען.

אָבער אין זעלבן מאָמענט טוט זי אַ שפּרונג־אויף אויף אירע פיס און האָרכט זיך צו: ס׳הערן זיך שטאַרקע קלעפּ אויף דער טיר. נינאַ טוט זיך אָן אין געציילטע סעקונדעס:

— זיי האָבן געוואַגט, די פאַרשאָלטענע, זיי זיינען דאָ! אָבער דאָס מאָל וועט עס ניט פּאַסירן. זאָל איך פּגרן, אייזיק, אויב זיי וועלן דיך עפּעס שלעכטס טאָן. כ׳וועל ניט לאָזן! — און זי טוט אַ שפּרונג צו דער טיר, וואָס פון הינטער איר קומען שטימען פון פרויען און מ׳הערט זיי זייער קלאָר:

— נינאַ אגעיעוואַ, קום גלייך אַרויס צו אונדז, דו פאַרר־עטערישע צויג.

— שווייג קום איך! וואַרט אויף מיר אין באַראַק. דאָרטן וועלן מיר זיך אויסרעכענען.

און צו אייזיקן פליסטערט זי:

— אַלץ איז פאַרלוירן: דאָס איז דער רעוואָלט פון די ווייבער קעגן מיר און זיי זיינען געוועכט. כ׳האָב עס דערוואַרט.

און פון הינטער דער טיר הערט מען דערוויייל:

— צען מינוטן זיינען דיר פאַרבליבן צו לעבן, צוויג, זאָלסט ניט וואַגן זיי פאַרלענגערן.

מ׳הערט ווי די טריט דערווייטערן זיך פון הינטערן טיר. נינאַ אגעיעווא בייגט זיך איבער אייזיקן און מורמלט:

— דיך האָב איך שוין געראַטעוועט. דער גאַנצער געקנאַל וועט פאַלן אויף מיר. און אפשר וועט מיך אויך געלינגען. ווי ניט איז...

נינאַ קניט און קושט אייזיקס ליפּן, זיין שטערן, זיינע האָר. און נאָך דעם גיט זי צו, דעפיניטיוו:

— שטיי אויף! וועסט נאָך מיר פאַרמאַכן די טיר אויף די ריגלען.

און זי העלפט אייזיקן אויפשטיין, פירט אים צו ביז צו דער שוועל, מיט אַ לאַנגן קוש בלייבט זי צוגעקלעפּט צו זיינע ליפּן און פאַרשווינדט אין טונקעלן קאָרידאָר הינטער דער טיר וואָ ספּאַרמאַכט זיך אויף די גרילציקע ריגלען מיט דער איינציקער האַנט פון אייזיקן...

שפּעט אין דער נאַכט דרימלט אייזיק איין און שווידער־קאָשמאַרן צאַפּלען אים אויף אין שלאָף. ער זעט נינאַן אָפּגעפּלייצט אין בלוט און זי שרייט ער זאָל איר קומען צו הילף. אין זיין האַלוצינאַטישן חלום גיט ער זיך אַ ריס נינאַן צו העלפן, נאָר זי גיט א שפּרייט אויס ריזיקע אָרעמס און פאַרצוימט אים דעם וועג:

— איך וועל עס נאָך ווי ניט איז, אָבער דיך וועלן זיי אכזריותדיק טויטן און מיך וועסטו ניט ראַטעווען. פאַרקערט גאָר: וועסט מיך אריינשליידערן אין נאָך אַ גרעסערן אומגליק...

און אייזיק זעט אַ מאַסע ווייבער רינגלען ארום נינאַן און יעדע קלאַפּט איר מיט אַ פויסט איבערן קאָפּ: בום, בום. ער שפּרינגט אויף פון אָרט און טוט אַ שפּרייט אויס זיינע הענט צו באַשיצן איר קאָפּ, אָבער נינאַס הענט לאָזן ניט זיינע הענט זיך אַ ריר טאָן פון אָרט. זי האַלט זיי שטאַרק איינגעקלעמט. אין צווישן באַשיצט זי ניט מיט אירע הענט איר קאָפּ און לאָזט אים פריי פאַר די קלעפּ פון די ווייבער:

— בום, בום, בום!..

מיט זיינע אַלע כוחות שטרענגט זיך אייזיק אָן ארויסצורייסן פון נינאַס הענט, כדי ער זאָל קענען אויסשפּרייטן זיינע הענט אויף איר קאָפּ, אים צו באַ־שיצן פון די ווייבערשע קולאַקעס. מיט אן איבערגעשראָקענעם אויפשריי גיט ער אַ צאַפּל־אויף פון זיין אָרט און... כאַפּט זיך אויף פון שלאָף. ס׳טאָגליכט

האָט פאַרפּלייצט די שניידערײ און אויף דער טיר האָבן זיך געהערט פּונקט די זעלבע קלעפּ ווי ערשט־איצט אין חלום:

— בום, בום, בום!..

אַ דורכגענומענער מיט אימה שפּרינגט אייזיק אויף אויף זיינע פיס, אײלט צו דער טיר און מיט אַ שפּראַץ האָפענונג שרייט ער אַריבער צו יענער זייט טיר:

— ווער איז עס?

יאַשטשעמסקיס שטים הערט זיך פון יענער זייט טיר. אויף גיך עפנט אים אייזיק די טיר: ער דאַרף יאַשטשעמסקין איצט גאָר נייטיק. ניט אַלץ פאַר־שטייט ער פון דעם אַלעם וואָס דאָ האָט ביי נאַכט פּאַסירט. זיין בליק איז פול מיט געבעט. יאַשטשעמסקי פאַרשטייט עס באַלד און ווערט צוגעלאָזן. זיין אָטעם איז טיף, איבערגעהאַקט, ווי ער וואָלט אָקערשט געקומען אין געלויף איבער דעם גאַנצן פּלאַץ פון קאָנצלאַגער.

— נינאַ אגעיעוואַ האָט דיך געראַטעוועט פון אַ שוידערלעכן טויט, אָבער זי האָט פאַר דעם באַצאָלט מיט איר אייגן לעבן.

אייזיק האָט אָנגעכאַפּט יאַשטשעמסקין פאַר די הענט:

— רייד, שנעל!..

— ביסט אַ קינד. אָבער איך האָב אויך ניט געוווּסט אז נינאַ אגעיעוואַ איז געקומען אַהער אין נאָמען פון אַלע ווייבער. איך בין אויך באַלד געפאַנגען געוואָרן פון איר רייציקן כישוף, ווייל כ׳האָב געמיינט אז זי איז געקומען אליין. נאָר ווען זי איז דער „שטאָפּעט פון די פרויען״, איז שוין אָך און ווי צו דעם מאַנצביל. דאָס איז אַ שוידערלעך איזדיעקעווען זיך: איין מאַנצביל דאַרף צופרידנשטעלן אַלע ווייבער אין דער ריי. און אין איין נאַכט. דאָס ווערט פאַר־וואַנדלט אין אַ סאַדיסטישער אָרגיע, ווייל די אַלע ווייבער וואָס זיינען ניט גע־וואָרן באַפרידיקט, צערייסן דעם מאַנצביל אויף שטיקלעך. און דאָס אַלץ גאָר פאַמעלעך, ווי אין אַ ריטואַל, פייערלעך און מיט נקמה־האַס, ווי די ווילדע קאַניבאַלן אין די דזשונגל־געדיכטענישן מיט זייערע טענץ און געזאַנג...

— און „נאַטשאַלסטווע״? — האָט אייזיק אויפגעשריען.

—אין דעם מישן זיך ניט ניט „נאַטשאַלסטווע״ און ניט די וואַכפּאָסטנס. אזוי איז עס.

אַ בלייכער ווי קאַלך האָט אייזיק געזייט צווישן די בלוילעכע ליפּן:

— און פאַר וואָס נינאַ?

— איר האָט מען צו דיר געשיקט ווי די קיניגין פון די פרויען. זי האָט דיך געדאַרפט צו זיי אַריבערברענגען איידער דו וועסט זיך כאַפּן אין וואָס עס

גייט. אָבער זי האָט באַשלאָסן דיך צו ראַטעווען דורך דעם וואָס זי האָט דיר גענומען פאַר זיך. מיט דעם האָט זי פאַרראַטן איר אויפגאַבע.

— ווו איז זי אַצינד ? — האָט אייזיק געשריען. און אַז ער האָט פון יאָש־טשעמסקין קיין תשובה ניט געקראָגן האָט ער זיך ארויסגעריסן אין דרויסן. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז נאָר אין איין אָרט קען זי איצט זיין: אין קראַנקן־באַראַק. דעם וועג אַהין האָט ער גוט געוווסט, ניט געקוקט וואָס ערשט איצט האָט זיך אָנגעהויבן דער צווייטער טאָג פון זיין אָנקום אין קאָנצלאַגער. ער איז געלאָפן און האָט ניט געפילט זיין צעוויטיקטע האַנט וועלכע ער האָט גע־האַלטן אין דער צווייטער, כדי זי זאָל זיך צו פיל ניט טרייסלען. מאַסן לאַגער־אַרעסטאַנטן האָבן זיך שוין אָנגעהויבן זאַמלען פאַר די טויערן פון קאָנצלאַגער און אין שטומקייט זיך אויסגעשטעלט לויט די בריגאַדעס אויף ארויסצוגיין צו דער אַרבעט. אייזיק האָט קיין איין מענטשן ניט באַמערקט. ווען ער האָט זיך אין קראַנקן־באַראַק אריינגעריסן, האָט ער פאַר זיך דערזען דעם זויבער־בלישטשעדיקן וואַרטצימער מיט די ליידיקע בענק. ווי נאָר ער האָט געוואָלט אַ נעם טאָן דאָס הענטל צו עפענען די טיר צום דאָקטאָר, האָט זי זיך נאָך פריער געעפנט פון דער צווייטער זייט און אויף דער שוועל איז געשטאַנען אייזיק־נאריאדטשיק מיט זיינע פינקלדיקע אויגן און אויסגעקרימט מויל, וואָס האָט זיך נאָך מער אויסגעקרימט פון זיין פאַרוווּנדערטן געקוויטש:

— אייזיק דער צווייטער ?! דו ביסט דער צווייטער, ווייל איך בין דער ערשטער, קלאָר. דו פאַרשטייסט ?

— ווו איז נינאַ אגעיעוואַ ? — האָט אייזיק דער צווייטער אים אריינגע־שריען גלייך אין פּנים אריין.

— אוהו ! דו האָסט גאַנץ פיין באַוויזן אין דיין ערשטער נאַכט. הייבסט מיך אָן געפעלן ווערן.

— ווו איז נינאַ ? מוזט מיר גלייך זאָגן ווו זי איז ?

— הער אויס, אייזיק : זעץ זיך דאָ צו, וואַרט אויף מיר. האָב קיין מורא ניט : דער דאָקטאָר איז לעבן די טויערן. מ׳גייט איצט ארויס צו דער ארבעט. איך דאַרף אויך דאָרטן איצט זיין. איך קום באַלד צוריק. און אויך דער דאָק־טאָר. און דעמאָלט וועלן מיר ריידן. כ׳האָב עפּעס אַן עניין צו דיר.

אייזיק דער צווייטער האָט אים פאַרשטעלט דעם וועג :

— ווו איז נינאַ ? דיך דאַרף איך ניט.

— וועסט איר אָן מיר און אָן דעם דאָקטאָר ניט געפינען. זי איז דאָ ניטאָ. וואַרט אויף מיר אַ קליין ווײַלע.

אייזיק דער צווייטער איז אריין אין צימער פון דאָקטאָר און פאַרמאַכט די טיר הינטער זיך. אים האָט געוווּנדערט די זויבערקייט : אויפן קליינעם טישל

איז געווען אַ לײַלעך בלאַנק ווי שניי. אויף דער ברעטער־פּאָליצע אויך אַזאַ ווײַסער לײַלעך. איבער דעם ברייטן מעדיצין־שראַנק: צוויי קלאָר־ווײַסע לײַלעכער. די ווענט אָפּגעקאַלכט אויף ווײַס. און אויך דער דיל האָט געשײַנט מיט אַ געלבלעכער ריינקייט, ווי די געלכלעך פון אייער. נעכטן אָוונט האָט ער די דאָזיקע זויבערקייט ניט באַמערקט. אפשר צוליב זײַנע ווייטיקן און די פיל קראַנקע אַרעסטאַנטן, וואָס האָבן זיך צוזאַמענגעשפּאַרט אין וואַרטצימער. און אפילו אין דאָקטאָרס צימער נעכטן, ווען ער האָט אים אויפגענומען און געגאָסן דעם „יאָד“ אויף זײַן האַנט, האָבן זיך אויך געפונען פיל קראַנקע. דאָס איז דאָך געווען די אַמבולאַטאָריע. טאָ וווּ איז דער קראַנקן־באַראַק? אייזיק האָט געוווּסט אַז דאָס געפינט זיך אין זעלבן באַראַק, ווײַטער ערגעץ. הינטער וועלכער טיר? דרײַ טירן זײַנען דאָ געווען. אין איינער איז ער אַרײַן. אין דער צווייטער — וואָס טאַקע איז די צווייטע? ער האָט זי אויפגעעפנט און אַרײַנגעקוקט: אַ לאַנגער און שמאָלער באַראַק האָט זיך פאַר אים געשפּרייט. פון ביידע זײַטן — אײַזערנע בעטן (און ניט קיין נאַרעס!) מיט מאַטראַצן, לײַלעכער און אפילו שטרוי־קישעלעך אין ווײַסע ציכלען צוקאָפּנס פון קראַנקע אַרעסטאַנטן. און די דעקעס זײַנען אויך געווען ריין. ער איז לויפנדיק פאַרבײַ אַלע בעטן און זיך אײַנגעקוקט אין יעדער פּנים. דאָ זײַנען געלעגן בלויז מענער. ער האָט אין אײַלעניש זיך צוריקגעקערט אין אַמבולאַטאָריע. אייזיק האָט אַ פאַל געטאָן צו דער דריטער טיר, אָבער זי האָט זיך ניט געעפנט, ווײַל זי איז געווען פאַרשלאָסן...

— דאָ איז זי, דאָ, — האָט אייזיק געטראַכט אַ פאַרגליוווערטער, זיך אָנשפּאַרנדיק מיט אַ פּלייצע אויף דער טיר. וויפל צײַט איז אַריבער? ער האָט עס ניט געפילט. ווען זײַנע פיס זײַנען מיד געוואָרן האָט ער זיך אַראָפּגעגליטשט אויף די קני און אַזוי געבליבן זיצן. זײַן קאָפּ און דער שולטער האָבן זיך נאָך אַלץ אָנגעלענט אויף דער טיר. צי האָט ער אײַנגעדרעמלט? די געדאַנקען ווי אַ שווערער בליי, האָבן געהאַמערט אין די שלייפן און געפּיקט אין מוח:

— זי האָט מיך באַוויזן צו ראַטעווען און איך — איך האָב פאַרשפּעטיקט איר צו ראַטעווען...

פון דרויסן איז מיט געפילדער אַרײַנגעקומען אייזיק־נאַריאַדטשיק. אייזיק דער צווייטער האָט אים געהערט בײַם אַרײַנקומען, אָבער ער האָט זיך פון אָרט ניט אַ ריר געטאָן און פאַר זײַנע אויסגעלאָשענע אויגן האָבן זיך ווי געדרייט די ווערטער וואָס האָבן געטיקטאַקט אין זײַן פאַרמאַטערטן מוח, אַזוי ווי רעדער פון אַ צוג וואָס שלעפּט זיך אין ווײַסטע מרחקים:

— כ׳האָב פאַרשפּעטיקט, כ׳האָב פאַרשפּעטיקט, כ׳האָב פאַרשפּעטיקט...

אייזיק־נאַריאַדטשיק האָט אויסגעשאָסן אין אַ קאַסקאַדן־געלעכטער, זיך האַלטנדיק מיט איין האַנט ביי דער לענד און מיט דער צווייטער טייטלענדיק אויף אייזיקן, און ענדלעך זאָגט ער:

— צוליב וואָס מאַכסטו זיך נאַריש? שטיי אויף, זעץ זיך. כ׳האָב אַ וויכטיקע זאַך צו ריידן מיט דיר.

אייזיק דער צווייטער האָט זיך אויפגעהויבן, ער האָט זיך צוגעזעצט לעבן דעם נאַריאַדטשיק און אריינגעקוקט אין זיינע אייזיקע אויגן.

— וועט עס זיין ווי אַ באַדינג צו זען בינאַן?

— אָן קיינע באַדינגונגען. ווילסטו מיך אויסהערן? און בינאַן וועסטו אָן ספק זען.

— רייד.

און אייזיק־נאַריאַדטשיק האָט געזאָגט:

— דו ביסט אייזיק און איך בין אויך — אייזיק. אוןביידע זיינען מיר יידן. טאָ לאָמיר ווערן פריינד. אזוי מוז עס זיין. דו וועסט ביי מיר פון היינט אָן און ווייטער תמיד זאַט זיין און קיין זאַך וועט דיר ניט פעלן. דער עיקר טאַקע צוליב אונדזערע געמיינזאַמע נעמען. נאָר איין קליינע בקשה האָב איך צו דיר. אָבער כדי דו זאָלסט מיר פאַרשטיין מוז איך דיר די זאַך אַ ביסל קלאָר מאַכן. עפּעס וואָס — גאַנץ קורץ. אוודאי האָסטו שוין באַוויזן צו זען, אז צווישן די ארעסטירטע דאָ געפינען זיך אַ סך פּאָליאַקן. און כ׳מיין דאָס ניט די יידן פון פוילן. נאָר טאַקע די פּאָליאַקן. זיי זיינען אַנטיסעמיטן. אלע. און נאָך עפּעס — אַנטי־סאָוועטיש. זיי זיצן דאָ ווייל זיי האָבן זיך אָפּגעזאָגט אָנצונעמען די סאָוועטישע בירגערשאַפט. און אפילו איצט, זייענדיק אזוי געזונקען, ארעסטאַנטן, שטעכט נאָך זייער שינאה צו יידן אלעמענס אויגן. און כ׳וואָלט זייער שטאַרק וועלן זיי אָנלערנען און „באַגראָבן״. זאָלן זיי דאָ פוילן אין קאָנצלאַגער. אָט האָט איינער פון די פון פוילן אָפּשטאַמיקע ארעסטאַנטן געהערט מיט זיינע אייגענע אויערן, ווי דער געוועזענער פּוילישער ריכטער גאָנצאָווסקי און דער עקס־אָפּיצער פון פּוילישן פלאָט יאשטשעמסקי (נעמט פון קעשענע ארויס אַ פּאַפּיר און לייענט) „זיי האָבן געזאָגט, אז די באַקאַנטע פּוילישע שרייבערקע, די פּאָעטין און קאָמוניסטקע וואַנדאַ וואסילעווסקאַ וועט קיין תקומה ניט האָבן אין דער באַנייטער פוילן פון נאָך דער מלחמה, ווייל זי האָט פאַרראַטן איר פאָלק... און זי געפינט זיך איצט אין מאָסקווע, אין קרעמל, און פירט אָן אַ פּאַטריאָטישע ארבעט פאַר פוילן און דעם קאָמוניזם״. פאַרשטייסטו שוין, אייזיק? אויף דעם פּאַפּיר איז פאַראַן נאָר איין אונטערשריפט. מ׳דאַרף האָבן אַ צווייטן. און דו האָסט דאָך נעכטן מיט דיינע אייגענע אויערן געהערט ווי יאשטשעמסקי און גאָנצאָווסקי האָבן וועגן דעם גערעדט אין דער שניידעריי.

אַט איז טינט און אַ פעדער. שרייב זיך דאָ אונטער און ד י זאַך וועט זיין דערליידיקט: מ'ט וויניקער ווי צען יאָר וועלן די דאָזיקע אנטיסעמיטן ניט ארויסקריכן פון דעם עסק.

— איך האָב ניט געהערט אז נעכטן זאָלן די צוויי האָבן געשמועסט וועגן דעם. און דו ווייסט דאָך אז נעכטן איז געווען מיין ערשטער אָונט אין דעם קאָנצלאַגער — אייזיק האָט גערעדט אַנטשלאָסן און שפּאָטיש.

— דאָס איז ניט וויכטיק: געהערט, ניט געהערט. דו לייג דאָ דיין חתימה׳ און מ'ט אַ דיקן און קורצן פינגער מיט אַ לאַנגן און שוואַרצן נאָגל האָט ער אָנגעוויזן אויף דעם אָרט פון אונטערשריפט — פון היינט אָן און וויטער וועסטו באַקומען אַ טאָפּלטע פּאָרציע ברויט, אַ טאָפּלטע באַלאַנדע און... טאַבאַק באַ־קומסטו פון מיר גלייך אויף אַן אָרט. דער נאַריאַדטשיק איז פאַרפאָרן מיט זיין האַנט צו זיך אין קעשענע און ארויסגענומען אַ פול פעקעלע מאַכאָרקע און עס אויסגעשטעקט צו אייזיקן.

אייזיק האָט קיין באַוועגונג און קיין ריר ניט געמאַכט צוצונעמען דאָס זעקעלע מיט טאַבאַק.

— אין זעלבן טאָג ווען דו חתמעסט באַקומסטו אַ דערלויבעניש ארומ־צוגיין פריי איבער דעם קאָנצלאַגער וויפל דיין האַרץ גלוסט ביז צום סוף פון דיין טערמין. פאַרשטייסטו שוין?

אייזיק האָט געשוויגן.

אייזיק־נאַריאַדטשיק האָט פּלוצלינג אויסגעקרימט זיינע אַזוי אויך קרומע ליפּן און זיי האָבן איצט געגרייכט ביז זיין רעכטן אויער:

— נינאַן וועסטו שוין קיין מאָל ניט זען. מיר וועלן איר ביי נאַכט באַ־גראָבן, און דיר — אין איזאָלאַטאָר.

אייזיק האָט זיך אַ טרייסל געטאָן, ער האָט זיך אויפגעשטעלט פון זיין אָרט און ארויסגעגליטשט אין דרויסן. ער האָט געפילט, אז ער מוז פון אים אַנט־לויפן: אַנדערש וועט ער פאַר קיין פאַל זיך ניט קענען איינהאַלטן פון צע־שפּאַלטן מיט עפּעס דעם נאַריאַדטשיק דעם קאָפּ. דער פּלאַץ פון קאָנצלאַגער איז געווען ליידיק. פון וויטן האָט ער געזען דעם דאָקטאָר, וואָס איז געשטאַנען לעבן דער „וואכטע" און גערעדט מיט דעם קאָמאַנדיר פון די פּאָסטנס. ער האָט זיך פאַרהאַלטן און אַ באַשלוס איז אין אַ סעקונדע רייף געוואָרן אין זיין מוח. גראָדע האָט דער דאָקטאָר פאַרענדיקט זיין שמועס מיט דעם קאָמאַנדיר פון דער וואַך און ער איז אים אָנגעקומען אַנטקעגן. פון אַ געוויסער דיסטאַנץ האָט אייזיק אָנגעהויבן ריידן אין איילעניש:

— דאָקטאָר! נעכטן האָט איר מיר דאָך באַפרייט פון יעדע אַרבעט צוליב מיין צעקאַליעטשעטער האַנט, ריכטיק?

— ריכטיק!

— און דער נאַריאַדטשיק וויל מיר אַריינזעצן אין איזאָלאַטאָר.

— דו וועסט ניט גיין אין קיין איזאָלאַטאָר. און וואָס האָסטו אזוינס אָפּ־געטאָן?

אייזיק האָט דעם דאָקטאָר דערציילט אַלץ וואָס האָט אים פּאַסירט אין דער נאַכט מיט נינאַ אַגעיעוואַ און אויך וועגן דער פאָדערונג פון אייזיק־נאַריאַד־טשיק אז ער זאָל אונטערשרייבן די מסירה.

— אַ מאָדנע פרוי איז זי, די דאָזיקע אַגעיעוואַ, — האָט דער דאָקטאָר אין גאַנצן זיך ניט ווִיסנדיק געמאַכט פון צווייטן טייל פון אייזיקס מעשה, — אַ יונגיטשקע מיידל און דאָך האָט זי זיך אויפגעפירט ווי אַ העלדין, ווי אַן אמתע קייסערינע, ווען זי האָט באַשלאָסן דיר צו ראַטעווען פון די ווייבערשע הענט. און צוליב וואָס האָט זי געשטעלט אין געפאַר איר לעבן פאַר דיר? אַ רעטעניש!

— פאַר מיר איז עס אויך אַ רעטעניש, האָט אייזיק געזאָגט מיט טיפער אויפריכטיקייט און האָט זיך אָנגעהויבן בעטן ביים דאָקטאָר, אז ער זאָל אים דערלויבן אָפּשייד צו נעמען פון איר קערפּער.

דער דאָקטאָר האָט אַ לאַנגע צייט זיך צוגעהערט צו זיינע תחנונים. צום סוף האָט ער איינגעגעבן, ער האָט זיין פּנים נענטער צוגעבויגן צו אייזיקס אויגן און געשעפּטשעט:

— איך גרייט זיך דיר עפּעס צו אַנטדעקן, ווייל דו געפעלסט מיר. און פרעג ניט פאַר וואָס. איך ווייס עס אליין ניט. נאָר דו וועסט מיר שווערן, אז דו וועסט פאַר קיין שום מענטש דעם סוד ניט אַנטפּלעקן.

— איך שווער אויף דעם! — האָט אייזיק געזאָגט מיט אַ דערוואַרטונג פול מיט פאַרבאָרגענער האָפענונג.

דעם דאָקטאָרס פּנים האָט זיך פאַרגאָסן מיט אַ ברייטן שמייכל, וואָס איז לאַנגזאַם איבערגעגאַנגען צו שטרענגער ערנסטקייט פול מיט וואָרענונג:

— נינאַ אַגעיעוואַ איז ניט געשטאָרבן און וועט ניט שטאַרבן. זי האָט טאַקע באַקומען אָרנטלעכע קלעפּ, אָבער קיין געפאַר פאַר איר לעבן איז ניט פאַראַן. נאָר פאַר דעם קאָנצלאַגער — איז זי געשטאָרבן. אויב די ווייבער זאָלן זיך עס דערוויסן, וועלן זיי איר ניט איבערלאָזן אַ לעבעדיקע. און ניט בלויז איר, זיי וועלן צוליב דעם ליגן וואָס איך האָב זיי אָפּגעבראַקט אז זי איז געשטאָרבן, אויך מיך פאַרענדיקן. ווען זי וועט זיך אַ ביסל אָפּכאַפּן, וועלן מיר איר אַוועקשיקן אין אַ וויטן עטאַפּ. זי געפינט זיך איצטער אין צימער פון באַ־פולמעכטיקטן און בלויז ער און איך וויסן וועגן דעם. פאַרן נאַריאַדטשיק איז זי אויך געשטאָרבן. האָסטו פאַרשטאַנען?

— נאָר זען איר, דאָקטאָר, נאָר איר זען! — האָט איזיק זיך אָנגעהויבן בעטן.

דער דאָקטאָר האָט אָנגעהויבן זיך בייזערן און שרייען מיט אַ פאַרשטיק־טער שטים:

— האָב איך דען ערשט אַ טעות געמאַכט וואָס כ׳האָב דיך פארערכנט פאַר איינגאַרטיק און אַ ניט געווינלעכן און גוטן אין אַלע זינען?! ז י האָט דיין לעבן געראַטעוועט און דו ווילסט אויף איר און אויף מיר ברענגען אַ טויט?!

איזיק האָט זיך גלייך אונטערגעגעבן. ער האָט זיך אָפּגעשיידט פון דאָק־טאָר מיט אַ געמורמל פון איבערבעטונג און מיט אַן אראָפּגעלאָזענעם קאָפּ האָט ער זיך געשלעפּט אויפן וועג צו דער שניידעריי.

יעדן טאָג, טאָג נאָך טאָג, פלעגט איזיק־נאַריאַדטשיק אריינקומען צו איזיק דעם צווייטן אין שניידעריי און אין אלערליי פאָרמען פאַרלאַנגען פון אים, אז ער זאָל חתמענען דעם מסירה־דאָקומענט וועגן גאָנצאָוסקין און יאַשטשעמס־קין. פון זיין מויל פלעגן ארויסקומען שרעקלעכע סטראַשונקעס און פאַרפירע־רישע איבערדרייעניש, וואָס וואָלטן אָנגעלאָקט דאָס האַרץ פון יעדן ארעס־טאַנט. אָבער איזיק דער צווייטער האָט זיך ניט אונטערגעגעבן און ניט אונ־טערגעשריבן. און דער נאַריאַדטשיק האָט אפילו איזיקן צוגעזאָגט, אז גלייך נאָכן אונטערשרייבן וועט ער אים פירן צום קבר פון נינאַ אַגעיעוואַ, וואָס איז באַגראָבן געוואָרן, לויט זיינע רייד, אין דער נאַכט, באהאַלטענערהייט, אונטער אַ שטיין צווישן דעם מענער־ און פרויען־קאָנצלאַגער, אויף דער „גרענעץ", און אים איז באַקאַנט דאָס אָרט. און ווען דער נאַריאַדטשיק פלעגט אָנהייבן מיט זיינע צוריידענישן וועגן נינאַס קבר, פלעגט זיין איינגעשפּאַרטקייט זיך פאַרוואַנדלען אין אַ גליאיקן קנויל פון פאַרביטערונג, וואָס האָט ניט געוווּסט קיין גרענעצן...

און אין איינעם אַן אָוונט, ווען די צוויי איזיקס זיינען געזעסן איינער קעגנ־איבער דעם אַנדערן אין אַ ווינקל פון דער שניידעריי בייז און קאַלט, איז אריינגעקומען יאַשטשעמסקי מיט אַ ברייטן „גוטן אָוונט", ווי עס האָט פאַר־לאַנגט זיין אַרעסטאַנטסקע העפלעכקייט צום נאַריאַדטשיק. דער נאַריאַדטשיק האָט אפילו זיך ניט געגעבן די מי אויסצודרייען דעם קאָפּ צו אים, ווער רעדט נאָך צו ענטפערן אויף זיין באַגריסונג.

אָבער ווען יאַשטשעמסקי איז צוגעגאַנגען צו זיין בינטל פריוואַטע זאַכן און האָט פון דאָרט ארויסגענומען אַ פּאָר ציווילע הויזן, וואָס האָבן אויסגעזען אין גאַנצן ניי, האָט איזיק־נאַריאַדטשיק ניט געקענט אָפּרייסן זיין בליק פון זיי פאַר אַ סעקונדע. די אויגן האָבן זיך ביי אים געצונדן מיט פייערדיקע פונקען און געגליט מיט איזיקער פיינדשאַפט. יאַשטשעמסקי האָט ניט געפילט דעם

נאריאַדטשיקס בליקן און האָט זיך באַשפּטיקט מיט די הויזן ווי מיט אַ הייי־ליקער זאַך, ווי זיי וואָלטן אים דערמאָנט אַנדערע טעג, אַזעלכע ווייטע פון די בייזע סטעפּעס פון מארי, פון די קאָנצלאַגערן און פון אייזיק נאַריאַדטשיק. נאָך דעם ווי יאַשטשעמסקי האָט זיי גאָר פיין אויסגעפּרעסט, האָט ער זיי באַזאַכט אָנגעהויבן צוזאַמענלייגן אין די איינגעפּרעסטע קנייטשן. אייזיק־נאַריאַדטשיק האָט לעבעדיק און אָן ווערטער די גאַנצע צייט נאָכגעפּאָלגט יאַשטשעמסקין און זיינע הויזן, ווי אַ פאַרהונגערטער ארעסטאַנט פאָלגט נאָך אַ מענטשן, וואָס פרעסט ברויט צו זאַט. ענדלעך האָט ער זיך אויפגעשטעלט, איז צוגע־גאַנגען צו יאַשטשעמסקין, האָט אַ כאַפּ געטאָן מיט גוואַלד די הויזן פון זיינע הענט, האָט זיך זיי צוגעמאָסטן צום קערפּער און באַפּוילן:

— נאָך היינט מאַך זיי צורעכט זיי זאָלן מיר פּאַסן. צען פּאָרציעס ברויט.

יאַשטשעמסקי האָט זיך וויטיקדיק צוזאַמענגעקאָרטשעט, אָבער ביים אָנ־זען פון אייזיק־נאַריאַדטשיקס פּרצוף און זיינע אויגן, האָט ער נאָכגעגעבן און אָנגעהויבן ארומטאַנצן ארום אים מיט זיין מעטער אין האַנט. נאָר עפּעס אַ קלייניקייט האָט מען געדאַרפט אין זיי פאַרריכטן. ארום אַ שעה שפּעטער איז אייזיק־נאַריאַדטשיק ארויס פון דער שניידעריי און אונטער זיין אָרעם — אַ פּעקל וואָס האָט זיך אָפּגעשלאָגן מיט אַ ווייסקייט אין דער פינצטערניש.

ווען ער איז אריינגעקומען צו זיך אין קליינעם באַראַק וואָס איז געווען אָפּגעקאַלכט אויף ווייס אויך פון דרויסן, און האָט זיך געפונען אונטער די היי־כע פענצטער פון דער קאַנצעלאַריע פון שטעל־פאַרטרעטער, האָט אייזיק־נאַריאַדטשיק ניט געוווּסט און זיך ניט געקענט פאַרשטעלן, אז דער שטעל־פאַרטרעטער אַליין שטייט איצט הינטער די פינצטער־אויסגעלאָשענע שויבן פון זיין פענצטער און זעט אים קומען מיט זיין פיין־צוזאַמענגעפּאַקטן באַגאַזש, וואָס האָט דערוועקט ביי אים פאַרדאַכט. אַ קורצע ווײַלע שפּעטער איז פאָר־געקומען אַ רעוויזיע ביים נאַריאַדטשיק, ס׳האָבן זיך איינגעפונען די ציווילע הויזן און ס׳איז קלאָר געוואָרן אז זיי שטאַמען פון יאַשטשעמסקין. דאָס האָט אויסערגעוויינלעך אויפגעבראַכט דעם צאָרן פון שטעל־פאַרטרעטער:

— אויב אַזוי ווייס איך שוין די סיבה וואָס דו האָסט ביז היינט ניט גע־פונען קיין צווייטן עדות, כדי אָפּצושליסן דעם ענין פון יאַשטשעמסקין און גאָנ־צאָווסקין. כ אַ ב אַ ר ?! פון היינט ועסטו פוילן אין קאַרצער און ביי דער אַלגעמיינער אַרבעט.

אייזיק־נאַריאַדטשיק האָט געציטערט פון שרעק פאַר דעם פּסק־דין וואָס זיינע אויערן האָבן געהערט, ווייל ווער נאָך מער ווי ער האָט געוווּסט אז דער שטעל־פאַרטרעטער איז מקיים וואָס ער זאָגט? און ווען ער איז ארויס פון יענעמס קאַנצעלאַריע, האָט ער בשום אופן ניט געקענט געפינען דעם וועג

צו זיין באַזונדערן קליינעם באַראַק און ביז אַ שפּעטער שעה האָט ער זיך ארומגעדרייט אין דער טונקל צווישן די באַראַקן, פאַרשוואַרצט און איינזאַם, פאַרלאָזן און פאַרגעסן אויף דעם דרימלדיקן פּלאַץ פון קאָנצלאַגער...

אויף מאָרגן פרי איז אייזיק־נאַריאַדטשיק נעלם געוואָרן פון קאָנצלאַגער. פון מויל צו אויער האָט מען זיך איבערגעגעבן די איבעררעאַשנדיקע ידיעה „ער איז אַנטלאָפן". אָבער קיינער פון די פּאָסטנס און פון דער „נאַטשאַלס־טווע" האָט זיך ניט באַמיט אים צו זוכן, ווייל יעדער האָט זיך פאַרגעשטעלט אז ער וועט זיך אליין אומקערן, מחמת ניט אזא מענטש ווי אייזיק־נאַריאַדטשיק קען אַנטלויפן. נאָר עס זיינען אריבער דריי און פיר און פינף טעג און מ'איז ניט געקומען אויף די שפּורן פון נאַריאַדטשיק.

— ער האָט געמאַכט דעם אמתן ויברח ווי ס'באַדאַרף צו זיין, — האָבן די אַרעסטאַנטן זיך אָנגעהויבן וויצלען צווישן זיך און מ'האָט מיט נקמה־לוסט זיך געריבן די הענט, ווייל ס'איז צו קלאָר געווען פאַר יעדן איינעם: פון דעם קאָנצלאַגער איז אוממעגלעך צו אַנטלויפן און אז מ'וועט אים צוריקברענגען — וועט שוין איין מאָל אַ פיינער קאָנצערט פאַר אים געפּראַוועט ווערן, ווייל דער שטעל־פאַרטרעטער וועט אים שוין ניט נעמען אונטער זיין שוץ. און יעדער פון די אַרעסטאַנטן האָט שוין געמאַכט דעם „חשבון" מיט אייזיק־נאַריאַדטשיק, ווען ער וועט צוריקגעבראַכט ווערן און מער ניט זיין קיין נאַריאַדטשיק...

אָבער שוין אריבער אַ וואָך און אייזיק־נאַריאַדטשיק איז נאָך אַלץ ניט גע־בראַכט געוואָרן. אייזיק דער צווייטער האָט דערפילט אזא דערלייכטערונג מיטן פאַרשווינדן פון זיין שונא און פייניקער אז זיין אויסגעלינקטע האַנט האָט כמעט אויפגעהערט ווי צו טאָן. אין געהיים האָט ער זיך אָנגעהויבן ארומדרייען ארום דער קאַנצעלאַריע פון שטעל־פאַרטרעטער און אָנגעהויבן קוקן און פאָרשן ווען ע ר איז אין זיין ביורא, ווען ער קומט, צו וועלכער צייט הייסט ער זיך ברענגען דאָס עסן און וויפל מאָל דורכן טאָג זיין דינער, דער אַלטער ארעסטאַנט, גייט מיט זיין ספּעציעלן קאָרב פון קיך און פון דעם ברויט־לאַגער צו זיין בעל־הבית. וועך עס זיינען בכלל די אריינגייער און ארויסקומער פון אים און אין וועלכע שעהען. ווען ער גייט ארויס פון קאָנצלאַגער אין אָוונט, ווען דער דאָקטאָר מיט זיין קליין רענצל קומט אריין און גייט ארויס פון אים. וואָס עס טוט זיך אין די צימערן ביי נאַכט ביז די זון גייט אויף. און אָט האָט אייזיק זיך צוגעקוקט און איבערצייגט איין טאָג, אז דער דאָקטאָר האָט אויפ־געהערט צו קומען אין קאַנצעלאַריע פון שטעל־פאַרטרעטער. אויף מאָרגן איז ער אויך ניט געקומען, דעם דריטן טאָג איז ער ווידער ניט געקומען. אייזיק איז געווען אויסער זיך און האָט ניט פאַרשטאַנען וואָס האָט פּאַסירט: איז שוין נינאַ אגעיעוואַ מער דאָרטן ניטאָ? עס מוז דאָך נאָך עמעצער זיין וואָס באַ־

דינט איר. זאָל עס זיין דער אַלטער אַרעסטאַנט, וואָס באַדינט דעם שטעל־פּאַרטרעטער און זיין קליין צימערל געפינט זיך אין עק פון לאַנגן קאָרידאָר, ביים סוף? און אין אָוונט, ווען דער שטעל־פאַרטרעטער פאַרלאָזט דעם קאָנצ־לאַגער לעשן זיך אויס אַלע ליכטער אין זיינע פענצטער. אָבער טאַקע אַזוי פלעגן זיך אויסלעשן די ליכטער אויך פריער און זיך קיין מאָל ניט אָנצינדן אין ערגעץ א פענצטער, כאָטש שעהען אויף שעהען, גאָר אָפט — ביז די שפּע־טע פרימאָרגן־שעהען, פלעגט אייזיק לויערן, זיך צוקוקן און אָבסערווירן אַלץ וואָס האָט געקענט זיין פאַרדעכטיק און פון אינטערעס אין די קאַנצעלאַריע־צימערן פון שטעל־פאַרטרעטער. און איצט האָט ער קיין זאַך ניט געזען. אַ סימן אַז נינאַ איז שוין דאָרט פיל טעג ניטאָ, די גאַנצע לעצטע צייט. און ווען אייזיק איז אין דער פרי געלאָפן צום קראַנקן־באַראַק און געפרעגט אויפן דאָק־טאָר, האָט מען אים געענטפערט, צו זיין שרעק, אַז שוין באַלד אַ וואָך ווי ער איז ניטאָ אין קאָנצלאַגער. ער איז געפאָרן ברענגען מעדיצין פון דער שטאָט טשערעזשאַי אין דער אוזבעקיסטאַנער רעפּובליק, וועלכע איז ווייט פון קאָנצ־לאַגער מאַרי א סך הונדערטער קילאָמעטער. אייזיק איז זיכער געווען, אַז דער דאָקטאָר האָט אוועקגעפירט נינאַן אַהין, צו אַן אַנדער קאָנצלאַגער ערגעץ ווו און איצט וועט ער שוין אויף אייביק איר מער ניט זען, וועט ניט וויסן פאַר וואָס האָט נינאַ געשטעלט איר לעבן אין געפאַר צוליב אים...

און אייזיק גייט נאָך ארום פאַרזונקען אין זיינע אומעטיקע מחשבות און ער זעט ניט ווי די מענטשן־ארעסטאַנטן קלייבן זיך ביי די טויערן פון קאָנצ־לאַגער ארויסצוגיין צו דער אַרבעט, אָבער פּלוצלינג דערהערט ער אַ געוויש פון אַ משא־אויטאָמאָביל פון יענער זייט טויער פון קאָנצלאַגער. ער קוקט אהין פון ארעסטאַנטסקן נייגער געטריבן. און... ער גלייבט ניט זיינע אייגענע אויגן: דער דאָקטאָר אליין צוזאַמען מיט דעם שאָפער גייען ארויס פון קופּע פון דעם לאַסטאויטאָ וואָס הינטער אים, אין קאַסטן, צוויי באוואָפנטע פאָסטנס און אין ווינקל, רבונו־של־עולם, ס׳איז קיין טעות ניט: אייזיק־נאַריאַדטשיק!

אָבער ווי אומגליקלעך האָט אויסגעזען זיין אָרעם געשטאַלט: קיין זכר ניט פון זיין גאווה און עזות־דיקייט. אין גאַנצן צוזאַמענגעקאָרטשעט, זיין קאָפּ אַראָפּגעזונקען אויף דער ברוסט און זיינע אויגן אַראָפּגעלאָזן צו דער ערד. נאָר ווײַלעוויז, מיט דער פלינקייט פון אַ בליץ, לאָזט ער זיי אַ פלי טאָן ארום זיך. ער קען גוט זען די מאַסן אַרעסטאַנטן, וואָס זאַמלען זיך אינעווייניק פאַרן טויער פון קאָנצלאַגער. די בריגאַדעס שטעלן זיך אויס ארויסצוגיין צו דער ארבעט. אָבער איצט איז קיין שום אָרדענונג ניטאָ. אַלע דריקן זיך צום טויער מיט שאַדנפריידיקן געלעכטער און מיט פאַראַכטונג־ און שאַנד־אויסרופן אויף דעם חשבון פון אייזיק־נאַריאַדטשיק. ווען ער פאַלט איצט אריין אין די הענט

פון דער צעווילדעוועטער מאַסע, וואָלט אייזיק־נאַריאַדטשיק אין איין רגע צעפּליקט געוואָרן אויף שטיקער.

און מ׳פירט ניט אַריין, ווי שטענדיק, דעם אַנטלאָפענעם אין קאָנצלאַגער. דאָס מאָל שטעלט מען אים טאַקע אויך אַוועק לעבן טויער, לויטן געזעץ, אָבער פון דער אויסערלעכער זייט, פון דרויסן, אויס מורא אַז דער המון געפּאַנגענע זאָל אים ניט באַפאַלן און אים פאַרטיק מאַכן. פון זיינע ביידע זייטן ווערן אַוועקגעשטעלט צוויי באַוואָפנטע פּאָסטנס מיטן געווער אין האַנט. אַ דריטער ברענגט אַן איבער־געדרייטן שטאַנג וואָס ער שטעקט אַריין אין דער ערד, נאָ־ענט צום פּרצוף פון נאַריאַדטשיק, און אויף אים איז פאַראַן אַ ברעט מיט אַן אויפשריפט פון בלויז איין וואָרט, מיט שוואַרצן טינט אויף אַ ווייסן הינטער־גרונט: „דעזערטיר". און אַלע אַרעסטאַנטן לויט זייערע בריגאַדעס גייען ארויס פון טויער און מאַרשירן פאַרביי אים. אָבער איצט שווייגן זיי ניט אין אַ שווערשטומיקער איינגעהאַלטנקייט, ווי אין אַנדערע ענלעכע פאַלן, נאָר די פאַראַכטונג־אויסרופן שמייסן אים אין פּנים ווי קלעפּ.

אָבער ניט אַלע אַרעסטאַנטן גייען אַרויס דורכן טויער צו דער אַרבעט. אַרום צען, פּופצן שפּאַרן זיך איין און גייען ניט. דאָס טויער ווערט געשלאָסן. די ווידערשפּעניקע ווערן אָפּגעפירט צום איזאָליאַטאָר. אייזיק פאַרשטייט זייער מיין: אַ קורצע ווייל שפּעטער וועט אייזיק־נאַריאַדטשיק אויך איינגעשפּאַרט ווערן אין קאַרצער. און דעמאָלט וועלן זיי קענען אין אים נקמה נעמען. און אייזיק טוט אַ שמייכל: ס׳אַראַ צייטן זיינען געקומען... אָבער פּלוצלינג דער־מאָנט ער זיך. ער לויפט און דעריאָגט דעם דאָקטאָר וואָס שפּאַנט צו דער אַמבולאַטאָריע. פון זיינע ליפּן רייסט זיך אָפּ נאָר איין שטאַמלדיק וואָרט:

— ד אָ ק ט אָ ר . . .

און דער דאָקטאָר פאַרהאַלט זיך, ער קוקט און דערקענט אייזיק דעם צווייטן און פאַרשטייט אַלץ, גלייך.

— זי איז נאָך אַ דאָאיקע, זאָרג זיך ניט. אפשר וועסטו איר נאָך קענען זען פאַרן אָפּפאָר. און איצט גיי זיך. כ׳וועל דיר רופן ווען נייטיק.

אייזיק שפּרייזט פּאַמעלעך צו דער שניידעריי. גאָר, גאָר נאָענט ביי איר הייבט זיך הויך דער איזאָליאַטאָר מיט פאַרקראַטעוועטע פאָרטקעלעך. אַ באַ־זונדערע ציגל־געביי אַרומגעצאַמט מיט שטעכלדראָט. די וואָס זאָגן זיך אָפּ אַרויסצוגיין צו דער אַרבעט ווערן אַהין געפירט דורך ניט קיין באַוואָפנטע וואַך. נאָר די אַרעסטאַנטן פאָלגן אויס. זיי זיינען אין אַ געהויבענער שטימונג: זייער געלעכטער פּלאַצט אַרויס און טראָגט זיך פונאַנדער מיט געוויש. מ׳הערט די פאַרזאָרגטע שטימעס פון די וועכטער:

— נאָר פאַרענדיקט אים ניט. ס׳וועלן זיין אומאָנגענעמלעכקייטן. און נאָך וואָס דאַרפט איר עס צוליב אים?

אין אַ קורצער ווײַלע שפּעטער ברענגט מען אויך אייזיק־נאַריאַדטשיק אין איזאָליאַטאָר. זיין סטראַשידלע־פּנים איז בלייך ווי קאַלך. דאָס פאַרקרימטע מויל ציטערט אין קאָנוווּלסיעס. די בלויע באַק האָט זיך פאַרוואַנדלט און געוואָרן גרוי־שוואַרצלעך. זיינע קליינע גרינע אויגן לויפן ארום אין די לעכער און זייער אייזגלאַנץ איז פאַרשווונדן און צעשמאָלצן געוואָרן מיט אַ פייכטלעך־גלאַנציקן פאַרצי וואָס בעט רחמים. נאָר די שליסלער האָבן קיין רחמנות ניט געהאַט. מיט רעש האָבן זיך געעפנט די שלעסער פון די טירן איינער נאָך דעם אנדערן און אייזיק־נאַריאַדטשיק איז אריינגעשליידערט געוואָרן אין דער אלגעמיינער קאַמער פון איזאָליאַטאָר וואָס איז שוין געווען איבערפולט מיט די וואָס האָבן זיך אָפּגעזאָגט היינט ארויסצוגיין צו ארבעט. אַ שטילקייט האָט זיך אויסגע־לייגט צווישן די איזאָליאַציע־זיצער און די שליסלער, וואָס האָבן זיך געאיילט צו פאַרמאַכן די טיר הינטער זיך און זי פאַרשליסן. די דאָזיקע שטילקייט האָט לאַנג ניט אָנגעהאַלטן. אַן אויסגעצייגענער יאָמער וואָס פאַרגליווערט דאָס בלוט האָט דורכגעשניטן די לופט. און נאָך דעם — אַ מעכטיקער, ווילדער און לאַנ־גער געלעכטער אין די מיילער פון די אַרעסטאַנטן אין איזאָליאַטאָר, האָט זיך אַ קייקל געטאָן מיט געשאַל. נאָר דאָס גרויליקע געיאָמער פון אייזיק־נאַ־ריאַדטשיק האָט איבערגעשטיגן דעם גאַנצן טומל און זיינע הילף־געשריי האָבן זיך גענומען הערן אין דעם ארום קלאָר און פול מיט פאַרצווייפלונג:

— אָ, ניין, ברידער, פאַר וואָס? שלאָגט ניט! ראַטעוועט, מ׳הרגעט מיך, מ׳הרגעט מיך!

אָבער, די שליסלער האָבן זיך אפילו ניט אומגעקוקט אויף הינטערווי־לעכץ. זיי האָבן זיך דערווייטערט פון איזאָליאַטאָר צו דער „וואכטע" מיט שנע־לע טריט און מיט פאַרגליווערטע פּנימער, אָן קיין אויסדרוק.

אייזיק דער צווייטער איז געזעסן אין דער שניידעריי און האָט זיך צוגע־הערט צו די שרעקלעכע געשרייען פון אייזיק־נאַריאַדטשיק. ער האָט אפילו געהערט די טרוקענע קלעפּ וואָס האָבן זיך געשאָטן אויף זיין קערפּער, אָן אַן אָפּקלאַנג. אַ דערשטוינטער האָט ער וועגן זיך אליין געטראַכט: פאַר וואָס שפּרינגט ער ניט פון פרייד איצט דערלעבנדיק די גרויסע נקמה, וואָס ער זעט אויף דעם, וועלכער האָט אים טעג, גאַנצע אָוונטן און נעכט געפּייניקט מיט סטראַשונקעס, מיט צורייידענישן און מיט אַ שווערן, שווידערלעכן שאַנטאַזש, כדי ער זאָל וועגן גאָנצאָוסקין און יאשטשעמסקין חתמענען אַ פאַלש עדות־זאָגן. און איצט איז ער גאָר אָנגעפילט מיט אַן עקל צו די שלעגערס, צו אייזיק־נאַריאַדטשיק דעם אומגליקלעכן פאַסקודניק, צו די שליסלער, צום שטעל־

פאַרטרעטער און צו די אַלע, וואָס האָבן באַשאַפן די מעכטיקע מאַשין פון דערנידערנדיקער שקלאַפעריי און נאָך מער געזונקענער הערשאַפט.

און מיט אַ מאָל איז אייזיק דער צווייטער געבליבן שטיין אין שניידעריי אויף די פיס. זיין גאַנצער קערפער האָט קאָנוווּלסיוו געצאַפּלט און זיינע אויגן זיינען ארויסגעקראָכן פון זייערע לעכער. פון קאַרצער זיינען איינס נאָכן אַנדערן דערגאַנגען גוואַלדיקע קולות:

— קריך, זשידליאַקישע מאַסקע, קריך! קוש די פיס!...

אייזיק דער צווייטער איז ארויסגעשפּרונגען אין דרויסן און אין א משוגענעם געלויף דורכגעשניטן דעם גאַנצן פּלאַץ פון קאָנצלאַגער. נישט אָנקלאַפּנדיק אין טיר האָט ער זיך אריינגעריסן אין צימער פון דאָקטאָר וואָס איז געלעגן אויף דער סאָפע און געדרימלט.

— דאָקטאָר! די אַרעסטאַנטן אין איזאָליאַטאָר שלאָגן אייזיק־נאַריאַדטשיקן. זיי וועלן אים דערהרגענען. ראַטעוועט: נעמט אים ארויס באַזונדער.

— זאָלן זיי אים דערהרגענען דעם מנובל. מיך אַרט עס ניט. דאָס האָב איך אים דאָך דערקענט אויף דער גאַס אין דער שטאָט טשערעזשאַי אין אוזבעקיסטאַן. און איך האָב עס טעלעפאָנירט צו דער פּאָליציי און גערופן די וואַך וואָס האָט אים ארעסטירט און אַהער געבראַכט.

אייזיק האָט באַפעלעריש אויפגעהויבן זיין שטים:

— אָבער ס׳וועט אים שוין דאָס אַלץ קלעקן, גענוג! ווער פון אונדז איז עס דער שופט, וואָס זאָל ארויסטראָגן אויף אים אַזאַ גרויליקן טויט־אורטייל? איך, איר? ווער?! צי קענען עס טאָן די בלאָטערן אין איזאָליאַטאָר, וואָס שלאָגן אים איצטער און צווינגען אים צו קריכן און קושן זייערע פיס?

דער דאָקטאָר איז אויפגעשטאַנען פון דער סאָפע און אַ פאַרווונדערטער האָט ער דירעקט אין די אויגן פון אייזיקן אריינגעקוקט, וועלכער איז אַנטשוויגן געוואָרן און געוואַרט מיט קוים־געבעט אויף דעם דאָקטאָרס רייד.

— דו ביסט עס דער וואָס בעט פאַר זיין לעבן? דו?

און נאָך אַ מינוט פון שטילשווייגן האָט ער צוגעגעבן:

— איך גיי צום נאַטשאַלניק פון די שליסלערס.

אייזיק האָט צוריק געאיילט צו דער שניידעריי. דער נאַריאַדטשיק האָט שוין ניט געשריען. נאָר זיינע קרעכצן האָבן זיך אָנגעהערט ווי דערשטיקט צווישן אַ פריילעכן געמורמל און געלעכטער פון פיל מענער־שטימען אין איזאָליאַטאָר. די צייט האָט זיך באַוועגט צו פּאַמעלעך און אייזיק האָט אומגעדולדיק זיך צוגעקלעפּט צו דער פאַרטקע וואָס קוקט ארויס צו דער „וואכטע" און געוואַרט. און צום סוף האָט ער טאַקע דערזען דעם דאָקטאָר און דעם נאַ־

טשאַלניק פון די שליסלערס אַנקומענדיק מיט שנעלע טריט צום איזאָליאַטאָר. הינטער זיי זיינען געגאַנגען דריי שליסלערס.

ווען מ׳האָט געעפנט די טיר פון איזאָליאַטאָר צום אלגעמיינעם צימער, האָט אייזיק־נאַר־אַדטשיק זיך ארויסגעקייקלט אין קאָרידאָר א קרעכצנדיקער: „ראַטעוועט, זיי הרגענען!" עטלעכע פון אינעווייניק האָבן אים מיט זייער בריקערריי צוגעהאָלפן קייקלען זיך. די שליסלערס האָבן אים אריינגעפירט אין אַ באַזונדער צימער פון איזאָליאַטאָר. דער דאָקטאָר האָט ארומגעוואַשן זיינע ווונדן, האָט אויף זיי ארויפגעגאָסן „יאָד", האָט זיי פאַרבאַנדאַזשירט און איז אַוועק צוזאַמען מיט די שליסלערס.

ווי ס׳ווייזט אויס, איז אייזיק־נאַריאַדטשיק איינגעדרימלט. אויך אייזיק דער צווייטער האָט זיך צוגעלייגט אָפּרוען: מיט אַ מאָל האָט ער דערשפּירט אַ מאָדנע מידקייט און א מיגלען. זיין שלאָף איז געווען שווער ווי בליי. אָבער אַ קורצע ווילע שפּעטער האָט ער אויפגעוואַכט פון די זיפצן פון דעם וואָס איז געווען אַ נאַריאַדטשיק און אַן אומבאַשרענקטער הערשער פון קאָנצלאַגער.

* * *

עטלעכע טעג שפּעטער איז געקומען אַ שטאַפּעט פון דאָקטאָר און האָט פאַרבעטן אייזיק דעם צווייטן אין אַמבולאַטאָריע. דאָרט האָט אים דער דאָקטאָר אריינגעסודעט, אז מאָרגן וועט פאָרקומען אַ מאַריאָנעטן־מישפּט אין קאָנצלאַגער און די אַרעסטאַנטן וועלן לכבוד דער געשעעניש ניט ארויסגיין צו דער אַרבעט. אנשטאָט דעם טאָג וועלן די אַרעסטאַנטן ארבעטן קומענדיקן זונטיק, דעם אַלגעמיינעם רוטאָג. מ׳וועט נאָר מישפּטן דעם איינציקן באַשולדיקטן, אייזיק־נאַריאַדטשיק. אין דער צייט פון דעם מישפּט, קען ער, אייזיק דער צווייטער, זיך זען מיט נינאַ אַגעיעוואַ, ווייל אין דער נאַכט וועט זי איינער אליין אָפּגעשיקט ווערן צו אַן „עטאַפּ" אין אַ ווייטן אָפּגעזונדערטן קאָנצלאַגער. און זיינע לעצטע רייד האָט דער דאָקטאָר ספּעציעל אונטערגעשטראָכן ווי אַ שטרענגע וואָרענונג:

— געדענק זשע גוט: דער שטעל־פאַרטרעטער ווייס ניט, אז דו וועסט זען נינאַ אַגעיעוואַ. ז י י פ אָ ר ז י כ ט י ק א ז ע ר ז אָ ל נ י ט זיך דער־וויסן. ערשטנס שטעלט עס אין געפאַר איר: ער וועט זיך שוין מער ניט פאַר־לאָזן אויף דער סודותדיקייט און וועט איר איבערגעבן אין די הענט פון די פּרויען. און איך וועל אויך ניט גלאַט אָפּשניידן ניט ביי אים און ניט ביי די ווייבער. אַ מאָדנע מאָראַל, אָבער אזוי איז עס.

אין אָנהייב פון מישפּט איז אייזיק דער צווייטער אויך בייגעווען אין זאַל. מיט גרויס פייערלעכקייט איז פאָרגעלייענט געוואָרן אַ דאָקומענט אין נאָמען פון אייבערשטן סאָוועט פון ראַטן־פאַרבאַנד אז אייזיק־נאַריאַדטשיק (מיר וועלן

אים ווייטער אזוי רופן, כדי אים ניט צו פאַרמישן מיט אייזיק דעם צווייטן), ווערט באפרייט פון קאָנצלאַגער, ווי אַן ענטפער אויף זיין גנאָד־בקשה, מיט אַ צייט צוריק. אייזיק־נאַריאַדטשיק און צוזאַמען מיט אים אַלע ארעסטאַנטן זיינען אזוי פאַרבליפט געוואָרן פון דער דאָזיקער אומגעריכטער מעלדונג, אז אלע זיינען אין שווייגעניש אנטשטומט געוואָרן און ניט געוווסט צי זיי זאָלן גלייבן אָדער ניט גלייבן. אָבער גאָר גיך איז געקומען די אויסניכטערונג: דער זעלבער פירלייענער, און ווידער אין נאָמען פון העכסטן סאָוועט פון ראַטן־פאַרבאַנד, האָט געלייענט אַן אַנדער דאָקומענט, וואָס באשולדיקט אייזיק־נאַריאַדטשיק אז ער האָט אויסגענוצט דעם צוטרוי פון זיינע קאָמאַנדירן און דעם שטעל־פאַרטרעטער, וואָס האָבן אים דערלויבט צו גיין מיט אַ דורכלאָז־שיין (פּראָפּוסק) אויסער דעם קאָנצלאַגער און ער איז מיט אַ פאָרויסיקן פּלאַן אַנטלאָפן. און איצט הייבט זיך אָן דער מוסטער־מישפּט פאַר אַנטלויפן...

אייזיק דער צווייטער האָט מער ניט געהערט און זיך ארויסגעגליטשט פון זאַל. אין ביוראָ פון שטעל־פאַרטרעטער האָט ער געטראָפן דעם אַלטן דינער, וואָס האָט באקומען דעם דירעקטיוו פון דאָקטאָר איינצואָרדענען דעם ראַנדעווו מיט נינאַ. ער האָט אייזיקן אוועקגעפירט אין קליין צימערל ווו ער האָט גע־וווינט אין עק פון קאָרידאָר, און האָט געעפנט אַ טיר אין דיל. הינטער זיך האָבן זיי איר פאַרמאַכט, און זיינען ארונטערגעגאַנגען איבער פיל שטיגן אין דער טונקל און פלוצלינג... האָט זיך אָנגעצונדן עלעקטריש ליכט און ס׳האָט זיך אַנטפּלעקט א געררומער קעלער. אין די ווענט האָט מען געזען עטלעכע טירן. דער דינער האָט איינע פון זיי געעפנט און אַ קעלערל, ווי אַ קליין צימער אָן אַ פענצטער, איז אויפגעדעקט געוואָרן פאר אייזיקס בליק. ווידער האָט זיך דאָס עלעקטרישע ליכט אָנגעצונדן און... נינאַ אגעיעוואַ איז פאַר אים דער־שינען, ווי זי ליגט זיך שטיל און רואיק אין אַ ווייס אייזן־בעטל מיט ווייסע ליילעכער און אויף דעם קישעלע — אויך אַ ווייס ציכל. זי האָט אים אין דער ערשטער רגע אָבסערווירט מיט עטוואָס פאַרבלענדטע אויגן פון דעם פּלוצ־לינגדיקן ליכט און נאָך דעם זיינען זיי געוואָרן גרויס, שמייכלדיק, בלוי־גרוי, וואָס פון זיי, ווי פון א טיפן מאָדנעם הימל, האָבן ארויסגעבלינקלט געלב־ליכ־טיקע זומער־שפּרינקעלעך, ווי שפּליטערלעך צעבליצטע ברילאַנטן. אירע לאַנג־לאַנגע וויעס האָבן געטונקלט עטוואָס איבער אירע אויגן און די זון־שפּרינקעלעך האָבן נאָך שטאַרקער ארויסגעשיינט פון זיי. אירע אויגן האָבן נאָך מער זיך צעשמייכלט. נאָך דעם האָט אויפגעשיינט א ברייטער שמייכל אויף אירע רויטע ליפּן, וואָס האָבן פאַר אייזיקן פּלוצלינג אויפגעדעקט איר מויל אין גאַנצן אָן אירע ווייסע ציינער... אייזיק האָט זיך באַמיט איבערגע־וועלטיקן דעם שוידער וואָס האָט אים ארומגענומען און האָט געוואָלט זיך

נאָכפרעגן אויף איר געזונט, איר זאָגן די וואַרעמסטע און ווייכסטע ווערטער וואָס האָבן געטאַנצט אין זיין צעשטורעמט האַרץ. נאָר זיי זיינען אים שטעקן געבליבן אין האַלדז זעענדיק שוואַרצע פאַרגליווערטע ווונדן ווי פליכעוואַטע רונדן אויף איר קאָפּ פון די האָר וואָס זיינען אויסגעריסן געוואָרן צוזאַמען מיטן פלייש...

אייזיק האָט אַראָפּגעקניט פאַר איר, האָט געקושט איר האַנט, איר שטערן, אירע ליפּן און געשוויגן. און אין דער זעלבער צייט האָט נינאַ אין אויפרעקונג געגלעט אייזיקס קאָפּ און זיינע לאָקן און האָט אויך ניט געשטערט די שטיל־קייט. אזוי זיינען אריבער עטלעכע מינוט, וואָס זיינען פאַרפלויגן און פאַר־שווונדן אי גיך־גיך און אי פייערלעך־לאַנגזאַם.

צום סוף האָט ער געהערט איר דין קול, ווי פון אַ צעפּיעשטשעט קינד:

— ווי זע איך דיר אויס, ווי אַ טאָטערין אָדער ווי אַ גריכין?

אייזיק איז צעטומלט געוואָרן:

— וואָס עפּעס פּלוצלינג?

— פון די פיל מאַנצבילן אין קאָנצלאַגער זיינען געווען פאַרשיידענע: איינער האָט געזאָגט אז איך בין אַ טאָטערין און אַנדערע — אַ גריכין. און ווער בין איך לויט דיין מיינונג?

— כ'האָב וועגן דעם ניט געטראַכט, — האָט אייזיק געשטאַמלט, — איך האָב בכלל ניט געטראַכט וועגן דעם.

— און וועגן וואָס האָסטו געטראַכט?

נינאַ האָט שטיפעריש אריינגעקוקט אין זיינע אויגן, זי האָט צו אים אויס־געשטרעקט אירע אָרעמס און אירע ליפּן און אז אייזיק האָט איר ארומגענומען און זייערע ליפּן האָבן זיך צוזאַמענגעשלאָסן אין אַ לאַנגן קוש, האָט זי זיך צאַרט ארויסגעגליטשט פון זיינע ליפּן און האָט אים געשעפּטשעט אויפן אויער:

— נאַרעלע, איך בין דאָך אַ יידישקע און... ביסט מיר אַ ביסל טאַקע געפעלן געוואָרן.

אין דעם מאָמענט איז אַ צערודערטער אריינגעקומען אין צימער דער די־נער און אויסגערופן:

— אייזיק, שנעל ווער פאַרשווונדן. דער שטעל־פאַרטרעטער גייט.

און אייזיק האָט זיך דערמאָנט מיט אַ שוידערלעכער קלאָרקייט די וואָרע־נונג פון דאָקטאָר, ער האָט אויפגעצאַפּלט פון זיין אָרט, מיט עטלעכע שפרונג איז ער די קעלער־טרעפּ ארויף, ער האָט זיך ארויסגעשלייכט דורך דער ביורא־טיר אין דרויסן און אויפן וועג צו דער שניידעריי האָט ער ביז ווייטיק אָנגע־שטרענגט זיין גאַנצע זיכרון־קראַפט און האָט זיך ניט געקענט דערמאָנען, צי האָט ער באַוויזן זאָגן צו נינאַ אגעיעוואַ אַ ווערלכן אָפּשיידוואָרט אָדער ניט.

# אינהאַלט

## הינטער גראַטעס:



## צוריקקער:



## שיין:

א י ב ע ז ע צ ו נ ג ע ן :

ל י ד ע ר —



ד ע ר צ י י ל ו נ ג ע ן —

were liquidated with the foulest methods which the barbaric brutality of the regime could call into play.

In *Lider Hinter Grates* ("Songs Behind Bars") Yechezkel Avi-Shabi Maor has sung his dirge for his annihilated people, in Yiddish and it would be out of place to apply to these poems certain criteria of literary criticism. One cannot measure the deuths of Hell with a slide-rule. These poems are not illusive or obstruse; they are direct, human and rooted in Jewishness. They carry their message with an immediacy far more pointedly than the distillation of the choicest word might have done. In their round unvarnished tale, these poems render the essence and ultimate truth of a facet of our tragedy.

In this elegy from "behind the bars", written in Yiddish, the author has made it clear that he lives and has his being in the two languages of our people. In short, intimate, lyrical lines he has portrayed and reflected the destruction of a generation and the cataclysm of an epoch. But it is well to feel that in man's dehumanisation and loss of dignity, there was also faith in man, longing for wife and child, as well as the unfaltering depth of feeling for his own tortured people. The suffering, physical and spiritual, which were Yechezkel's he shared with his people and so these songs of sorrow attain the stature of national and human veracity.

The original name of this writer, born in Yanashik, Lithuania, is Yechezkel Pulerewitz. He has three brothers in South Africa, and one, a psychiatrist, in Basle, Switzerland. It must not be forgotten that his wife Ella, with a small child in her arms, was exiled separately in a different region of Siberia, thousands of miles away—but she kept contact with him as he was moved from camp to camp. This gave him great moral strength and in those dark days of hunger, her food parcels were of great material support.

Their only son who came with them to Israel in 1965 from what was already Soviet Lithuania, served as a doctor in the Israeli Army and volunteered for medical service on the submarine Dakar, which with all hands on board, disappeared in January 1968.

The Israeli Navy Etzel Association has established an annual literary prize for the best work of each year in prose or verse, on the theme of "The Conquest of the Sea". The award is in the name of Dr. Jaacov Shabi Maor, the son of Yechezkel.

DAVID WOLPE.

# FOREWORD TO A THRENODY

Yechezkel Avi-Shabi Maor was a prisoner for seventeen years, from 1940 to 1957, in Siberia, in the Slave Camps of the Soviet Union.

He emerged from this Hell physically broken, but carrying in his mind his songs concerning that tragic, macabre period, which for a number of reasons is less well-known to the body of our Churban literature. This is another song, another holocaust world, in the period of the annihilation of East European Jewry.

For many years the vivid memories and experiences persisted and remained part of his very being, part of the man of faith in his Jewishness, part of his hyper-sensitive soul.

But for over a quarter of a century this song was locked in the breast of Yechezkel Avi-Shabi Maor, like a singing bird held captive in its cage, until he gave it utterance in the land of his longing — Israel.

In 1968 there appeared his first book of poems in Hebrew, entitled *Nitzlafti El Hakochav Haadom* ("I was crucified on the Red Star"). In these essentially lyrical poems he rendered in stark visual images the horrors of a life endured in hunger, terror, in the face of sadism and the brutal liquidation of man. Yet despite this sombreness, his poems are replete with a rare quality of Jewish optimism, hope and faith. There is a spiritual and emotional re-living in this work, which is a source of wonder to the reader. It is as though he illumined with a rare light the frost-enveloping darkness of the slave camps.

In these poems we perceive, on the one hand, ever more clearly, his pure vision, and on the other, the depth of the depravity of the Soviet robot, its uttermost inhumanity.

As recently as 1969, a volume of his stories was published in Israel, "Hasippur Hakatzar Al Hamavet Haaroch". This "The Short Story of the Long Death" is one of the most remarkable and perhaps even most original book on this theme. Here he depicts in episodic form, a gallery of types, Jews and non-Jews in the Soviet International of slaves. Here we come face to face, not with the heroes of fiction, nor with the substance of imagination, but with people, the tragic and authentic figures, which the Soviet deportation machine reduced to a point where they were no longer human beings created in the image of God, and those who did not humiliate themselves unquestioningly before the edicts of absolute subjugation, or who positively revolted,

The publication of this book has been made possible through the generous sponsorship of Israel Katz of Victory Park, Johannesburg, South Africa who was born in Vainute, Lithuania; and his wife Rose, (nee Mankowitz) born in Yanashik, Lithuania.

This book is dedicated to the everlasting memory of the Martyrs of Vainute and Yanashik, who perished for the sake of the Holy Name, at the hands of the Nazi murderers in the Second World War (1939-1945).

May their memory be for a blessing.

Acknowledgements

I wish to thank: My friend, David Wolpe, for his work and unsparing efforts, in preparing the manuscript for publication.

My friends Israel and Rose Katz, who through their generous sponorship, have made the appearance of this book possible.

Abe Krasnowsky, the typesetter, for his excellent work.

Y. AVI-SHABI MAOR
(Pulerewitz)

# Songs Behind Bars

Poems

and

Short Stories



JOHANNESBURG — SOUTH AFRICA
1970